אליעזר שינדלער

# יידיש און חסידיש
## לידער

מוזיק פון
יהושע ווייסער

הקדמה פון
ד״ר בנימין מ. קאַדער

אַריינפיר עסיי אין ענגליש
פון
חוה עליז




ניו־יורק
תש״י

# אינהאַלט



## דער יחוס פון יידיש



## יחיד, גוט איז דיר צו לויבן...

## אין רשות פון משחית



## אמונה און בטחון



## זכרונות

## א י נ ה אַ ל ט



### ביחידות

## אין ליכט פון דער מנורה



## אין קירגיזן־סטעפּ



## דאָס ווייסע מלכות

## קינדער־קלאַנגען

# הקדמה
## פון
## ד"ר בנימין בּאָרים קאַדער

אליעזר שינדלער איז ניט קיין פּנים חדשות אין יידישע אויסגאַבעס, וועלכע דערשיינען אין אַמעריקע.

פאַר די עטלעכע יאָר, וואָס ער געפינט זיך דאָ אין לאַנד, האָט ער אונדז מהנה געווען מיט לידער, דערציילונגען, מעשיות און לעגענדעס.

דאָס בוך לידער, וואָס ליגט איצט פאַר אונדז, איז זיין ערשטער בוך, וואָס דערשיינט דאָ.

וואָלט שינדלער׳ס בוך דערשינען אין אייראָפּע פאַר דעם אומקום, וואו ס׳האָט פולסירט יידיש לעבן און די יידישע שפּראַך איז געווען אויף אַלע־מענס ליפּן, און וואו דער דיכטער אליעזר שינדלער איז געווען באַקאַנט און באַליבט מיט זיינע לידער און געזאַנגען, וועלכע זענען געזונגען געוואָרן אין די, פון פרוי שרה שענירער באַגרינדעטע, בית־יעקב־שולן, אין די וועלטלעכע שולן, אין יידישע געזאַנג־פאַראיינען און יידישע היימען, וואָלט ער זיך ניט גענויטיקט מע זאָל אים פאָרשטעלן פאַר די לייענער פון יידישן וואָרט. מחמת אָבער, ווי ס׳איז שוין פריער געווען באַמערקט, דאָס דאָזיקע בוך איז זיין ערשטלינג ביי אונדז אין לאַנד, איז מיר צוגעטיילט דער כבוד פאָרצושטעלן דעם מחבר און זיין שאַפן.

אליעזר שינדלער איז געבוירן מיט זעכציק יאָר קאָריק אין דעם שטעטל טיטשין לעבן ריישא.

זיינע גאָטספאָרכטיקע עלטערן, ר׳ אברהם־יצחק און נחמה, פון דער גזע פון דעם מקובל ר׳ משה סופר פון פּשעוואָרסק, מחבר פון „אור־פּני־משה" אויף תנ"ך, משניות און אגדות — האָבן זייערע ניין קינדער מחנך־געווען ברוח־התורה והחסידות.

אין דער פאַרצווייגטער משפּחה פון די שינדלערס האָבן זיך געפונען חסידים פון פאַרשיידענע צדיקים־דינאַסטיעס, ווי רוזשינער, סאַנדזער, רי־מאַנאָווער, בעלזער און ראָפּטשיצער.

אין די קאַלטע און לאַנגע ווינטערדיקע נעכט, צי אין די הייסע זומער־דיקע טעג, ווען די משפּחה־מיטגלידער פלעגן זיך צוזאַמענקומען און דער־ציילן חסידישע מעשיות, חסידישע תורות און מופתים, פלעגט דער סענסי־

טיווער לייזערקע זיך גוט צוהערן, אויפנעמען און איינאָטעמען זיי אין זיך.
די אַלע וואונדערלעכע דערציילונגען פון דעם גרויסן חסידישן אוצר האָבן
אים באַגלייט אויף אַלע זיינע ווייטערדיקע וועגן און שטעגן. און אָפט איז
דאָס ייִנגעלע איינגעשלאָפן אויפן שויס פון זיידן, וועלכער האָט זיין באַליבטן
אייניקל געזונגען חסידישע ניגונים, אין אַ זאַרגלויזן האָפענונגפולן שלאָף.

דאָס אַלץ האָט געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף זיין דיכטערישן טאַלאַנט,
וועלכער האָט זיך צובליט און צוּוואַקסן אין זיינע שפּעטערדיקע יאָרן.

ווען אליעזר איז אַלט געוואָרן אַכט יאָר, האָבן זיינע עלטערן פאַרלאָזן
זייער שטעטעלע טיטשין און זיך באַזעצט אין דייטשלאַנד, אין דער „קונסט־
שטאָט מינכען", די שטאָט, וועלכע ד"ר נתן בירנבוים ז"ל האָט באַצייכנט, אַלס
„אַ שטאָט וואָס אַסימילירט". און טאַקע האָבנדיק מורא פאַר אַסימילאַציע,
האָבן אליעזר'ס טאַטע־מאַמע געמאַכט זייער שטוב פאַר אַ פעסטונג פון
יידישקייט. מע האָט גערעדט נאָר יידיש און דער גאַנצער חסידישער לעבנס־
שטייגער האָט געהערשט אויך דאָ אין דעם קאַלטן, נשמה־פרעמדן, אַסימי־
לירטן מינכען.

אליעזר האָט באַזוכט די דייטשע שול און נאָך דער שול איז די גאַנצע
צייט זיינע געווען געווידמעט צו יידישע לימודים. זיין פאָטער און מלמדים
האָבן מיט אים געלערנט תנ"ך, תלמוד און חסידות.

די שטוב איז געווען אַ בית פּתוח לרוחה. צדיקים, מגידים, משולחים,
„אייניקלעך" און גלאַט יידן־קבצנים זענען ביי די שינדלערס געווען זייער
אַנגעלייגט. מען האָט דאָרט געהערט אַלע יידישע קלאַנגען און דיאַלעקטן:
דעם פּוילישן און דעם ליטווישן, דער גאַליציישן און דעם קאַרפּאַטאָ־
רוסישן, דעם צפת'ער און דעם ירושלים'ער יידיש.

יעדער וואָגלער, יעדער מר־נפש, האָט ביי די שינדלערס געפונען
אַ מקום מקלט. דאָרט געשטילט דעם הונגער, דאָרט אויסגערוט די מידע
ביינער, דאָרט געפונען טרייסט.

אליעזר'ס פאָטער, ר' אברהם יצחק ז"ל, אַ גאַנצער, קערנדיקער,
טייערער ייד, — די „לצני־הדור" פלעגן אים רופן דער „אַמבאַסאַדאָר פון
די שנאָרער רעפּובליקן" — פלעגט זיך גיכער אָפּגעבן מיט העלפן יידן
און פירן חסידישע שמועסן, איידער זיך צו יאָגן נאָך הבל־הבלימדיקע
ענינים, ווי זוכן פּרנסה. (האָט דאָך זיין גרויסער זיידע, דער „אור פּני משה",
נאָענט פאַר זיין הסתלקות, מתפּלל געווען: „רבונו של עולם, איך בעט ביי דיר,

אַז מיינע קינדער־און קינדס־קינדער זאָלן זיין גרויסע אביונים...") פּלעגן טאַקע די בני־בית זייער אַ סך מאָלליידן דחקות...

אַ גרויסער רוסישער דיכטער האָט זיך אויסגעדריקט: גליקלעך איז דער, וועלכער האָט געהאַט אַ יוגנט; גליקלעך איז דער וואָס איז אין צייט רייף געוואָרן.

אליעזר שינדלער האָט ניט געהאַט קיין יוגנט. אין זיינע סאַמע צאַרטע יאָרן האָט ער שוין געטראָגן אויף זיך די דאגות פון דער פאַמיליע. קוים איז ער געוואָרן בר מצוה, איז ער אַרויס פון שול און זיך איינגעשפּאַנט אין שווערן יאָך פון פּרנסה.

ער האָט טאַקע פאַרלאָזן די שול, אָבער ער האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט פון אַליינבילדונג. זיין פריייע צייט ווידמעט ער צו דער ווייטערדיקער אַנט־וויקלונג. ער לייענט אַ סך: העברעאיש, יידיש, דייטש (שפּעטער רוסיש און ענגליש) און אַנדערע ליטעראַטורן, ספּעציעל די סקאַנדינאַווישע. ער ווערט געזעלשאַפטלעך אַקטיוו, שליסט זיך אָן צו דער פּועלי־ציוניסטישער באַוועגונג און אַרבעט אין אירע רייען.

שינדלער'ן פאַרבענקט זיך נאָך דער אַלטער היים. די פינאַנציעלע לאַגע פון זיינע טאַטע־מאַמע האָט זיך אַ קאַפּעטשקע פאַרבעסערט, נעמט ער טאַקע „די פּיס אויף די פּלייצעס" און לאָזט זיך איבער דער גאַנצער עסטרייכישער־אונגאַרישער מאָנאַרכיע. ער פאַרברענגט וואָכן אין ווין — דאָרט באַגעגנט ער זיך מיט ד"ר נתן בירנבוים (דעמלט מתתיהו אחר) — באַזוכט בודאַפּעסט, ברין, פּראַג, מעריש־אָסטרע און דער עיקר „קוועלט" ער פון זיין היימלאַנד, פון גאַליציע דער מדינה. באַרייכערט מיט נייע איינדרוקן, מיט נייע איבערלעבענישן, קומט ער צוריק אַהיים אין מינכען.

ער ווערט אַ העברעאישער לערער, שרייבט לידער, פּראָפּאַגאַנדירט ציוניזם און יידיש צווישן דער אַסימילירטער מזרח־יידישער און דייטש־יידישער יוגנט. אין יאָר 1912 דערשיינט זיין ביכל לידער „דערנער" אונטערן פּסעוודאָנים בן־גולה.

שוין יעמלט ווייזן זיך אַרויס בולטע סימנים פון אַ דיכטערישן טאַלאַנט. גלייכצייטיק אויך זיינע אָרגאַניזאַטאָרישע פעאיגקייטן.

ער גרינדעט אין מינכען, צוזאַמען מיט נאָרבערט וועלדלער פון ציריך, מיט ד"ר מאַקס מאיר פון מינכען (היינט דער באַוואוסטער העברעאישער שרייבער מאיר אין ישראל) און יעקב טייטל פון בוסק לעבן לעמבערג,

אַ געשוויסטער קינד פון דיכטער דוד קעניגסבערג (ביידע אומגעקומען דורך די נאַציס) — דעם קולטור־פאַריין „בני־יהודה“, דעם ערשטן יידי־שיסטישן פאַריין אין מערב־אייראָפּע. לערנט יידיש מיט דייטש־יידישע סטודענטן און אינטעלעקטועלע, צווישן וועלכע ס׳זענען די באַוואוסטע דייטש־יידישע שריפטשטעלער ד״ר געאָרג העכט, דער מחבר פון פאַר־שיידענע ווערק וועגן ליטעראַטור און יהדות (ד״ר געאָרג העכט איז געפאַלן אויפן פראַנצויזישן פראָנט אין ערשטן וועלט־קריג) — און אַרנאָלד צווייג. מיט דעם לעצטן קנעלט ער אפילו חסידות, און אויך מיט דעם שריפטשטעלער פעליקס פעכענבאַך (קורט אייזנער׳ס סעקרעטאַר, אומגעקומען 1933 דורך די נאַציס).

אָט אַזוי זעען מיר שינדלער׳ן ווי דעם אידעען־טרעגער פון יידיש, פאַר וועלכן יידיש, ווי די לייענער וועלן זיך איבערצייגן פון זיינע לידער, איז ניט נאָר אַ שפּראַך, וועלכע, ווי אַנדערע שפּראַכן, זענען אַ מיטל, אַן אינסטרומענט צום פאַרשטענדיקן זיך, נאָר אַ זעלבסט־ציל. יידיש, לויט שינדלער׳ן, דאַרף דורכפירן אַ הייליקע שליחות. די דאָזיקע געדאַנקען האָט ער זיך געסטאַרעט צו פאַרברייטן און פאַרשפּרייטן, וואו נאָר ער האָט געקענט.

ער האָט זיך דעמלט אַרומגעטראָגן מיט נאָך פּלענער און אידעען, וועלכע ער האָט געהאָפט דורכפירן אין לעבן, ווי דער רעיון וועגן פאַר־שפּרייטן יהדות צווישן די אומות העולם — און אָט, אין מיטן פון זיין ברייטער און פאַרצווייגטער קולטור אַרבעט, ברעכט אויס די ערשטע וועלט־מלחמה. שינדלער, ווי אַן עסטרייכער בירגער, ווערט מאָביליזירט און מיר זעען אים אין דער זעלנערשער אוניפאָרם פון קייזער פראַנץ יאָזעפס חילות.

ער מאַכט דורך דעם קאַרפּאַטן־פעלד־צוג. אין דעם „דוקלאַ־פּאַס“ ווערט ער שווער פאַרוואונדעט, וואַלגערט זיך אין די שפּיטאָלן פון קאַשאַו, בודאַפּעסט און קשאַנאַוו. קערט זיך אום צוריק צום פראָנט, קעמפט לעבן די ברעגעס פון סאַן. די צרות און דער הונגער אין די זאַמדיקע אָקאָפּעס זענען מוראדיק. ליכט אין זיין פינצטערן לעבן ברענגט די באַגעגעניש מיט דעם העברעאישן דיכטער מאיר מוהר פון ראַזוועדיוו, איצט אין ישראל. מע לייענט און מע לערנט און מע זינגט צוזאַמען און מע האָפט, אַז די חלומות פון אונדזערע נביאים וועלן פאַרט מקוים ווערן. ביידע חברים ווערן ווידער שווער פאַרוואונדעט. שינדלער פאַלט אַריין צו די רוסן אין געפאַנ־

גנשאַפט, און ס׳הויבט זיך אָן אַ נייער קאַפּיטל פון זיין לעבן: שפּיטאָל אין מאָסקווע, וואָגלעניש און טילטולים אין די וועלדער פון אוראַל, סיביר און טורקעסטאַן, אויך אויסטערלישע נסיעות דורך די ברייטע אָן־סופיקע סטעפּ־קעס און שטעגן, דורך די רחבותן פון די רוסישע שליאַכן און וועגן, וועלכע געדויערן חדשים און חדשים.

אין זיין אָפּגעניצטן עסטרייכישן סאָלדאַטסקען שינעל, דורך וועלכן ס׳בלאָזן קאַלטע, רוסישע ווינטן, אין צעריסענע שטיוואַלעס, דורך וועלכע ס׳זעען זיך אַרויס די פינגער, פאַרמאָגנדיק נאָר דעם טיפן בטחון, חסי־דישן ברען און רצון צום לעבן, טראָגט ער זיין אויסגעמאַטערטן גוף דורך די לאַנגע קירגיזישע סטעפּעס, ביז ער דערטראָגט זיך צו אַ ישוב פון רוסישע און מאָרדווינישע גרים (סובאָטניקעס).

די האָרעפּאַשנע, פּשוטע, גוטע און גאַסט־פריינטלעכע מענטשן נעמען אויף שינדלערן ברידערלעך. ער אַרבעט אויף זייערע פעלדער, אין זייערע מילן, און ווען זיי האָבן זיך מיט אים באַקאַנט נעענטער, ווערט ער ביי זיי אַ גייסטיקער מנהיג. ער לערנט מיט זיי העברעאיש, יידיש, יידישקייט, באַקענט זיי מיט ציוניזם און חסידות. ער רופט צונויף אַסיפות פון גרים, גייט פון כוטאָר צו כוטאָר, פון ישוב צו ישוב, און מונטערט די גרים צו פאַרשפּרייטן די יידישע אמונה צווישן די רוסישע קריסטן, בפרט צווישן די סעקטאַנטן, וואָס דערנענטערן זיך צום תנ״ך, צווישן די מאָלאָקאַנעס, שטונדיסטן, דייטשע אַד־ווענטיסטן, מענאָניטן און ביבל־פאָרשער, און די גרים, וואָס ריידן טאָטעריש, קירגיזיש און קאַלמיקיש, זיי זאָלן פּרוּוון פאַרשפּרייטן יהדות צווישן די מח־מדאַנער און בודיסטן. אַן אַלטער גר־צדק, אַ מאָרדווין, אַ קענער פון תנ״ך, וואָס האָט לאַנג געלעבט צווישן גרים, געלייענט עברי און פאַרשטאַנען פירוש־המלות, איז געווען גרייט צוריק צו גיין אין זיין אַלטער היים אין פּענזער גובערניע און פאַרשפּרייטן יידישקייט צווישן זיינע ברידער, די מאָרדווינען. אָבער דער באָלשעוויזם מיט זיין שנאה צו אמונה האָט געמאַכט אַ סוף צו שינדלער׳ס חלום וועגן פאַרשפּרייטן יהדות צווישן די פעלקער און שבטים פון רוסלאַנד.

סוף 1918 איז ער אין סאַראַטאָוו, באַקומט אַ שטעלע אַלס ביבליאָטע־קער אין באַראַכאָוו קלוב פון די פּועלי־ציון. דאָרט באַגרינדעט ער דעם קולטור און הילף־פאַריין פאַר די יידישע געפאַנגענע. אין דער אַר־

בעט העלפן אים די פירער פון די סאַראַטאָווער פּועלי־ציון: אַגראָנאָם אליהו בן שמחה ביילין (אַ מינסקער) און ד״ר חייקל מאָגילעוויטש.

אין 1919 קומט שינדלער צוריק אין מינכען. דאָ ווערט ער געוואָר, אַז זיין יונגערער ברודער שלום איז נאָך 1915 געפאַלן אויפן פראָנט, לעבן בריסק דליטא, און אַז זיין פאָטער האָט זיך אָקאָרשט צוריקגעקערט פון רו־מענישן פראָנט.

אין בייערן, ווי אין גאַנץ דייטשלאַנד, האָט יעמלט געהערשט אַ שרעק־לעכער קריזיס. כדי צו „מאַכן אַ לעבן" נעמט זיך שינדלער צו מסחרן מיט אַנטיקזאַכן, ווי אַלט פּאָרצעליי, אַנטיקע גלאָזוואַרג, בראָקאַטן, בילדער, ביכער און כדומה. דאָס איז פאַרן גוף. די נשמה־דאָרשטיקייט קוויקט ער מיט קולטור־אַרבעט.

ער לעבט אויף די יידישע קולטור־פאַריינען, האַלט לעקציעס, רעדט און שרייבט פון זיינע נסיעות אין רוסלאַנד. באַזוכט דרום־דייטשע שטעט, ווי קאַרלסרו, שטוטגאַרט, פּפאָרצהיים, פראַנקפורט, מאַינץ, וויסבאַדן, מקומות מיט אַ גרויסער מזרח־יידישער באַפעלקערונג, אַראַנזשירט דאָרט טעאַטער־פאָרשטעלונגען, זינגט פאָלקסלידער, און לייענט פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור, און גיט זיך אָפּ אינגאַנצן דער פּראָפּאַגאַנדע פון יידיש.

ער שרייבט לידער, זכרונות פון דער מלחמה און פון געפאַנגענשאַפט, באַאַרבעט מעשיות און משלים פון פאַרשיידענע פעלקער און שבטים, אויך יידישע און חסידישע לעגענדעס, וועלכע דערשיינען אין פאַרשיידענע אויס־גאַבעס פון וואַרשע (דאָס יידישע טאָגבלאַט), פון לאָדזש (א. ג. פרידנזאָן), פון ווילנע (שלמה באַסטאָמסקי), פון טשערנאָוויץ (שמואל אבא סופר), פון לייפּציק („אונדזער לעבן" פון צבי לוי) און פון אַנטווערפּן („יידישע בלעטער" פון משה צעכאָוואַל).

אין יענער צייט קומט פאָר ביי שינדלערן אַ גייסטיקע איבערקערעניש, וועלכע מאַכט אַ קאַרדינאַלע ענדערונג אין זיין גאַנצן גאָט־מענטש און וועלט־באַנעם.

ער באַקענט זיך נענטער מיט דעם דענקער ד״ר נתן בירנבוים, ער האָט מיט אים לאַנגע שמועסן, שטודירט זיינע ווערק „אום די עוויגקייט", „גאָטס פאָלק", „דברי העולים", פירט מיט אים אַ רעגלמעסיקן בריוו־וועקסל און שטייט צו ווי אַ נאָענטער אידעען־חבר צו בירנבוימס־עולים־ציבור.

ער טרעפט זיך מיט בירנבוימען אין בערלין, אין ווין און שינדלער לאָזט

זיך דאָן אַרויס איבער פאַרשיידענע לענדער און שטעט, פּראָפּאַגאַנדירט די עולים שיטה „דעת — רחמים — תפארת״ דורך וואָרט און שריפט און איז אַ נאָענטער תלמיד און פריינט פון זיין גרויסן לערער נתן בירנבוים.

אַ טייל פון שינדלער׳ס לידער זענען געשריבן אונטער דער השפּעה פון שיטת דר״ת, דעריבער גלויב איך, אַז די, וועלכע זענען ניט באַקאַנט מיט דער דערמאָנטער שיטה, זענען פאַראינטערעסירט צו באַקענען זיך מיט איר, וועל איך מיר דערלויבן צו טיילן זיך מיט דעם, ווי איך בין משיג די דאָזיקע רעליגיעזע באַוועגונג, אויף וויפל ס׳לאָזט זיך בכלל פאַרשטיין אַ שיטה, וועלכע אַפּעלירט מער צו געפילן און באַזירט אויף געפילן און גלויבן, ווי אויפן קאַלטן פאַרשטאַנד.

איך מוז דאָ גלייך באַמערקן, אַז איך האָב קיינמאָל ניט געהערט צו דער עולים באַוועגונג שיטת דר״ת און געהער צו איר אויך איצט ניט. וועט מיין דערקלערונג ניט זיין קיין פולע, דערפאַר אָבער אַן אומפּאַרטייאישע.

דער באַגרינדער פון דער עולים באַוועגונג שיטת דעת, רחמים, תפארת — ד״ר נתן בירנבוים, איז געבוירן געוואָרן 1864 אין ווין, געשטאָרבן 1937 אין שעווענינגען אין האָלאַנד. אין זיינע גימנאַזיע יאָרן איז ער געווען אַן אַנאַרכיסט, אַן אַטעאיסט, דאַן אַ ציוניסט, — דער טערמין ציוניזם שטאַמט פון אים. אין איין צייט מיט ד״ר לעאָ פּינסקער, האָט בירנבוים אַרויסגעלאָזט זיין יידיש־נאַציאָנאַלן מאַניפעסט. (ביידע, סיי ד״ר לעאָ פּינסקער, סיי ד״ר נתן בירנבוים זענען געווען פון גאַליצישן אָפּשטאַם): ר׳ שמחה פּינסקער פון טאַרנעפּאָל, ר׳ מענדל בירנבוים פון ראָפּטשיק.

בעת פּינסקער איז מתחילת געווען אַ טעריטאָריאַליסט, איז בירנבוים אין אָנהויב געווען דורכאויס פאַר ציון, פאַר ארץ ישראל און פאַר העברעאיש.

נאָכן צווייטן ציון קאָנגרעס (בירנבוים האָט דעם ערשטן און צווייטן ציון קאָנגרעס מיטאָרגאַניזירט) איז בירנבוים אַוועק פון דער ציון־אָרגאַניזאַציע און זיך דערנענטערט צו יידיש, צו די מזרח־יידישע פאָלקס־מאַסן. בירנבוים, דער באַגרינדער פון ערשטן ציוניסטישן סטודענטן־פאַרבאַנד „קדימה״, איז געוואָרן דער אָרגאַניזאַטאָר פון דער ערשטער יידישער שפּראַך־קאָנפערענץ.

בירנבוים׳ס וועג איז געווען אַ שווערער — דער וועג פון כּפירה צו אמונה, דער וועג פון נאַציאָנאַליזם צו נצח־ישראל.

דער פּראָצעס פון אַן אינערלעכער דערוואַכונג איז זייער קאָמפּליצירט. דער דאָזיקער פּראָצעס איז פאַרבונדן מיט אַ שווערער, לאַנגער, אינערלעכער

אַרבעט, אַרבעט פון זוכן, גריבלען, אַראָפּלאָזן זיך אין די טיפע־טיפעניִשן פון אַ צעריסענער, מידער, פאַרצווייפלטער, אומצופרידענער, צעשפליטערטער און צעווייטיקטער נשמה, כדי אויפהייבן זי, די נשמה, אין אַנדערע הויכקייטן...

אַ מענטש, וועלכער מאַכט דורך אַזאַ אַרבעט, האָט פאַר זיך אַ שווערן וועג. ער מוז רעווידירן, דורכזעען זיין פריערדיקן לעבן, מאַכן אַ חשבון הנפש, איבערשאַצן פון דאָס ניי אַלע ווערטן, צערייסן די פעדים, וועלכע האָבן אים פאַרבונדן מיט דעם עבר, חרוב מאַכן דאָס, וואָס איז פריער געווען טייער און הייליק, אויסקאָרעניִען דאָס, וואָס ס׳איז לאַנג געווען אַזוי טיף פאַרוואָרצלט, און אויפבויען אַ נייעם לעבן, אָנפילן דאָס לעבן מיט אַ נייעם גלויבן, אַ נייעם אינהאַלט, מיט נייע האָפענונגען פאַר נייע קאַמפן, נייע נצחונות. —

בירנבוים האָט דאָס אַלץ דורכגעמאַכט ביז ער איז געקומען פון אַפּי־קורסות צו אמונה, צו עליה.

אונדז איז באַקאַנט דאָס וואָרט עליה, ווי אַן אויפרוף צו דער תורה; און ניט נאָר ווייל דער אויפגערופענער מוז זיך אויפהייבן אויף עטלעכע טרעפּ צו דער בימה, פון וועלכער מע לייענט די תורה, נאָר אַלס אַ כבוד, אַ זכיה, אַ פּריווילעגיע.

אַ זון פון אַ גרויסן ליטווישן רב האָט מיר דערציילט, אַז ווען מע פלעגט זיין טאַטן געבן אַן עליה, פלעגט ביי אים פון חרדת הכבוד ממש קלאַפּן אַ צאָן צו אַ צאָן.

אין דעם זין פון דערהויבונג, זכיה, האָבן מיר אויך באַטראַכט די אידעאַליסטישע עולים, די חלוצים, וועלכע זיינען געגאַנגען קיין ארץ ישראל און מיט מסירת נפש בויען און פאַרטיידיקן דאָס לאַנד. מיר האָבן גערופן און רופן עד היום די דאָזיקע הויכע שטרעבונג: עליה, און זיי, די פּיאָנערן, רופן מיר חלוצים, עולים.

אַן אַנדער זין און אַנדערע אויפגאַבעס האָבן בירנבוים׳ס עולים.

נתן בירנבוים האָט געשטעלט צו זיינע עולים גרויסע פאָדערונגען און אַרויפגעלייגט אויף זיי גרויסע התחייבותן אין פרט פון אַהבת השם, אהבת ישראל און די מצוות בין אדם לחברו.

דאָס וואָרט און דער באַגריף „עולים" איז ניט ניי. רבי שמעון בן יוחאי, דער פאָטער פון דער יידישער מיסטיק, רעדט פון בני־עליה (מסכתא סוכות, סנהדרין), וועלכע, לפי די מפרשים, זיינען אַ „כת המקבלים פני השכינה",

וואָס מיינט אַ חברה וואָס שטייט נאָענט צו דער שכינה און איז נהנה פון איר תפארת. צו דעם שטרעבט בירנבוים׳ס שיטה.

דערגרייכן די מדרגה קען מען דורך די קדושות: דעת, רחמים און תפארת דורך תורה און מעשים טובים, דורך אהבת השם, אהבת ישראל יושר און ערלעכקייט, דורך אמונה שלמה אין ביאת המשיח.

אין דעם רעיון העולים זענען פאַראַן עלעמענטן פון דער יידישער מיסטיק, פון זוהר, פון די גרויסע מקובלים פון ספרד, איטליה און צפת און פון די גרויסע לערער פון מוסר.

רבי שמעון בן יוחאי האָט זיך ניט אינטערעסירט מיט דער צאָל פון זיינע „בני־עליה״. ער האָט זיך באַנוגנט אפילו מיט צוויי. ער דריקט זיך אויס: „ראיתי בני־עליה והם מועטין. אם אלף הם — אני ובני מהן. אם מאה הם — אני ובני מהן, אם שניים הן — אַני ובני הן״.

בירנבוים איז אין דעם פּרט ניט געווען קיין מסתפק במועט. ער האָט געשטרעבט, אַז דער רעיון־העולים זאָל אַרומנעמען דעם גאַנצן כלל־ישראל, ס׳זאָל ווערן אַן אמתע כנסת ישראל, אַן עם סגולה, אַ גוי קדוש, און אַ ממלכת כהנים.

נתן בירנבוים האָט זייער געליטן פון די חבלי־משיח. גרויס איז געווען זיין בענקשאַפט נאָך דער גאולה־שלמה.

דער קאָצקער, רבי מנחם מענדל ז״ל, האָט געוואָלט, אַז פונקט ווי קינדער שפּאַרן זיך איין ביי זייערע עלטערן, ווען זיי פאָדערן עפּעס, זאָלן זיך אויך יידן איינשפּאַרן, און פאָדערן פון דעם רבונו של עולם די גאולה שלמה. אויך אַנדערע צדיקים האָבן געוואָלט כמעט אַף דעם דאָזיקן אופן אַראָפּברייננגען משיח׳ן, און ניט רעכנען זיך מיט דער דחיקת השעה.

נתן בירנבוים האָט געלערנט, אַז מע מוז אַרבעטן, האָרעווען אויף ביאת של משיח, און נאָר דורך דערגרייכן די הויכע מדריגות פון דעת, רחמים און תפארת, וועט מען אויסגלייכן אַ וועג פאַר דער גאולה שלמה.

דר. בירנבוים איז פון דער גזע פון גאַליציִשע חסידים. איך אונטערשטרייך גאַליציִשע, ווייל דאָס פּויליש־גאַליציִשע חסידות איז אַנדערש ווי די חב״ד׳ישע.

אַף דער פאָן פון חב״ד׳ישער חסידות זיינען אויסגעקריצט די ווערטער: חכמה, בינה, דעת. די חב״ד׳ישע שיטה אין חסידות גיט זיך אָפּ מיט דער פאַרטיפונג פון דער דאָזיקער לערע, מיט איר פילאָסאָפיע. תורה אנשטאָט

מופתים, ווייניקער התפעלות — מער אויסגעהאַלטנקייט, באַטראַכטונג, מוח־אַרבעט.

דאָס פּויליש־גאַליצישע חסידות איז אַנדערש: התלהבות, אמונה שלמה אָן חקירות, אָן אַנאַליז, ענטוזיאַזם, דבקות, שמחה וחדוה ביים רבין'ס טיש, גוט־ברודערשקייט, „לאָמיר אַלע אינאיינעם זיין", דעם רבין'ס מופתים, זיין סודות'דיקער „חדר־מיוחד", מער געפיל ווי תורה א. א. וו. — דאָס זיינען די עלעמענטן, פון וועלכע ס'באַשטייט דאָס גאַליצישע חסידות, און מיט וועלכע אַ גאַליצישער חסיד לעבט און אָטעמט.

דאָס אַלץ איז געווען נאָענט דעם גרינדער פון דער שיטה: דעת, רחמים, תפארת און, אין אַ געוויסער מאָס, האָבן די אויסגערעכנטע אייגנשאַפטן געפונען זייער אויסדרוק אין דער לערע פון דר. בירנבוים.

בירנבוים האָט זיך מודה געווען, אַז ער האָט גאָט ניט געזוכט, נאָר „גאָט האָט זיך פּלוצלינג (פון מיר אונטערשטראָכן. ב. ב. ק.) באַוויזן אין מיין באַוואוסטזיין".

ווען דער פּלאַץ וואָלט עס דערלויבט, וואָלט מען דאָ געקענט ברענגען ניט ווייניג באַקאַנטע נעמען פון חוזרי בתשובה, סיי יידישע און סיי ניט־יידישע, וועלכע, ווי זיי באַהויפּטן, די „אינערלעכע שטימע" האָבן זיי דערהערט פּלוצלינג, און פּלוצלינג האָט דער „רוח הקודש" אויסגעשפּרייט איבער זיי זיינע פליגלען.

כדי צו באַקענען זיך גרינטלעכער מיט דער עולים שיטה, איז דאָס ריכטיקסטע שעפּן די ידיעות פון ערשטן קוואַל, וואָס מיינט צו לייענען און צו לערנען די ווערק פון נתן בירנבוים, וועלכע ער האָט געשריבן מיט הייליקן ציטער און מיט הייליקער אומרו.

און ביי דער געלעגנהייט, ווען מיר ריידן פון ד"ר נתן בירנבוים און זיין שיטה, זאָל דאָ, דעם שרייבער פון די שורות, דערלויבט זיין אַ באַמערקונג, וועלכע זאָל, אין אַ געוויסער מאָס, באַלייכטן די פיינע און ריינע פּערזאָן פון ד"ר נתן בירנבוים.

אַ סך האָבן בירנבוימן געהאַלטן פאַר א קנאי. דאָס איז ניט ריכטיק. אומגעקערט, ער איז געווען אַ טאָלעראַנטער מענטש, וועלכער האָט זיך מיט חשיבות באַצויגן צו אַנדערש דענקענדע. און אָט איז אַ פאַקט.

אין די יאָרן 34־1935 איז בירנבוים געווען דער רעדאַקטאָר פון זשורנאַל „דער רוף", דערשינען אין אַמסטערדאַם, אין דער דייטשער שפּראַך. בירנבוים

האָט געפּירט דעם זשורנאַל אין עולים גייסט. דער שרייבער פון די שורות איז געווען דער שטענדיקער דערציילונג־שרייבער פאַר׳ן „רוף".

ד״ר בירנבוים האָט געוואוסט, אַז איך געהער ניט צו זיין עולים־ציבור, און דאָס זיין געדאַנקען וועלט איז ניט מיין. דאָס האָט אים ניט אָפּגעהאַלטן פון שרייבן וועגן מיר, דאָס איך געהער צו זיינע ליבסטע מיטאַרבעטער.

דאָס איז דער בולטסטער סימן פון טאָלעראַנץ און פרייהייט פון געדאַנק.

איצט לאָמיר ממשיך־זיין דעם איבערגעריסענעם פאָדעם פון שינדלער׳ס לעבן.

---

שינדלער אַרבעט ניט נאָר פאַר די „עולים", נאָר אויך פאַר דער בית־יעקב שול־באַוועגונג, וועלכע ער האַלט פאַר די ריינסטע און איידלסטע באַוועגונג צווישן די רעליגיעזע יידן אין מזרח און מעריב.

ער שטעלט צוזאַמען די טעקסט ביכער „די יידישע נשמה" און די לייענביכער „יידיש לשון" פאַר די בית־יעקב־שולן און „בנות אגודת־ישראל" גרופּעס. צו שינדלער׳ס כרעסטאָמאַטיע האָט נתן בירנבוים געשריבן אַ האַרציקע הקדמה, און דעם שער־בלאַט צו דעם בוך האָט געצייכנט ד״ר שלמה אשר בירנבוים. די בית־יעקב־ליטעראַטור איז היינט אַ יקר המציאות, מחמת די נאַצישע רשעים האָבן כמעט אַלץ פאַרברענט.

אליעזר שינדלער איז געווען אַ מיטאַרבעטער — שלא על מנת לקבל פּרס — פון אַלע עולים און בית־יעקב אויסגאַבעס, ווי „דאָס יידישע טאָג־בלאַט" (וואַרשע), „בית־יעקב־זשורנאַל" (לאָדזש), „קינדער גאָרטן" און „פּרי־שינקע בלימעלעך" (לאָדזש), „די יוגנטבלעטער" פון קראָנגראַד (וואַרשע). ווען בירנבוים איז אַוועק אין גלות האָלאַנד און דאָרט אָנגעהויבן אַרויסגעבן זיין צייטשריפט אין דייטש „דער רוף", ווערט שינדלער, וואָס איז יעמלט געוואָגלט פון לאַנד צו לאַנד, אַ מיטאַרבעטער פון „רוף".

דער מינכענער „פּוטש" אין יאָר 1923, וואָס האָט אויסגעטראָטן דעם וועג פאַר די שפּעטערדיקע נאַציס, האָט געצוואונגען שינדלער׳ן צו פאַרלאָזן זיין אָקאָרשט געגרינדעטע היים. ער און זיין יונגע, איידעלע, באַגאַבטע פרוי, מוזן עוקר זיין כדי זיך צו ראַטעווען פון קאַהר׳ס און פעהנער׳ס טעראָר.

די יאָרן גייען זייער גאַנג. די דאגות פּרנסה רייסן שינדלערן ניט אָפּ פון זיין ליטעראַרישער און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

מיטן אָנקום פון דעם משחית היטלער, הויבט זיך אָן פאַר שינדלערן

אַ נע־ונד־לעבן, וואָס געדויערט 6 יאָר. אין זומער 1938 קומט ער ענדלעך מיט זיין פרוי און זיינע געראָטענע קינדער חוה און אלכסנדר צו די ברעגעס פון אַמעריקע. זיי בלייבן 4 יאָר אין ניו־יאָרק און זינט 1942 וואוינען זיי נית ווייט פון לייקוואוד ניו דזשוירזי, אַלס פּאַרמער.

און ווען מיר, שטאָטישע מענטשן, זענען נאָך פאַרזונקען אין אונדזער טיפן און געשמאַקן שלאָף, איז שוין דער דיכטער אליעזר שינדלער אין זיינע בגדי־פּאַרמער (אָוועראָלס) אויף דער פּאַרם. ער טרעט די געבענטשטע אַמע־ריקאַנער ערד מיט דעם שווערן פּאַרמער טראָט, און צוזאַמען מיט דער אויפּ־וואַכנדיקער נאַטור, זינגענדיק שירה צום בורא־עולם, זענען זיי מקבל־פּנים די אויפגייענדיקע זון.

---

און איצט אַ פּאָר באַמערקונגען וועגן שינדלער׳ס לידער. איך וועל זיך דאָ ניט פאַרנעמען מיט געבן אַן אָפּהאַנדלונג וועגן זיינע לידער. דאָס איז אייגנטלעך די עובדא פון אונדזערע חשוב׳ע קריטיקער.

צווישן שינדלער׳ס לידער געפינען זיך אַ פּאָר, וועלכע רופן זיך אָפּ אַף אונדזער לעצטן גרויסן חורבן. שינדלער ליידט ניט נאָר פון אונדזער גרויסן נאַציאָנאַלן אומגליק, נאָר זיין פּערזענלעכער בראָך איז גרויס: זיינע עלטערן און זיינע דריי שוועסטער זיינען אומגעקומען אין די קאָנצענטראַציע לאַגערן, און אַפילו זיינע קרובים און פריינד האָבן אָפּ׳ן טראַגישסטן אופן פאַרלאָרן זייערע לעבנס אין פאַרשידענע לאַגערן און קאַלך־אויוועגס!...

זכרונם לברכה!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

בעט ער זיך ביי גאָט:

וועט וועסטו, גאָט, שיקן\
אַ נייעם מקונן,\
וואָס זאָל מיט קינות באַווינען\
די גרויסע עקדה,\
פון דיין געקליבענער עדה?

(„חורבן גאַליציע“)

אַפילו אונדזערע פּאָעטן האָבן באַזונגען און פֿאַרהערלעכט די יידישע שפּראַך. אָבער אַזאַ פֿאַרליבטקייט, אַזאַ פֿאַרהערלעכונג, אַזאַ חשיבות, קדושה און דערהויבנקייט, מיט וועלכע שינדלער באַציט זיך צו יידיש, איז שווער צו געפֿינען ביי אַנדערע פּאָעטן. דאַריבער טאַקע זיינען די לידער, וועלכע שינדלער האָט געווידמעט דער יידישער שפּראַך, געזונגען אומעטום, ספּעציעל פֿונם קליינוואַרג, אין די שולן, סיי אַף יענער זייט ים און סיי דאָ, און זיי זיינען אַריינגענומען אין פֿאַרשידענע לידער־זאַמלונגען און טעקסט־ביכער, אויך פֿונם „אַרבעטער־רינג“.

---

אין שינדלער׳ס לידער־זאַמלונג פֿאַרנעמט אַ חשוב׳ן פּלאַץ דאָס ליד „לשון הקודש“. ער באַזינגט די העברעאישע שפּראַך, צו וועלכער ער באַציט זיך מיט קדושה, מיט די הערלעכסטע און באַגייסטערסטע ווערטער.

איך בין זיכער, אַז אין זיינע צוקונפֿטיקע לידער־זאַמלונגען וועלן אַריין לידער, אין וועלכע ער וועט באַזינגען די העברעאישע שפּראַך ניט נאָר אַלס „לשון הקודש“, נאָר אויך אַלס אַ שפה חיה, אַ לעבעדיקע שפּראַך, מיט וועלכער ס׳באַנוצן זיך אין מדינת ישראל סיי איר פּרעזידענט און סיי לאה מוכרת הדגים אַפֿן תל־אביב׳ער פֿיש־מאַרק.

פֿון דעם פֿאַקט, וואָס די לידער, וועלכע זיינען געווידמעט צו די צוויי שפּראַכן פֿון אונדזער פֿאָלק, געפֿינען זיך אין שינדלער׳ס זאַמלבוך אין דער נאָענטסטער שכנות, איז צו זען, אַז ביי שינדלערן איז ניט פֿאַראַן אַ שפּראַכן־פּראָבלעם.

נתן בירנבוים, אַף דער פֿראַגע וועגן זיין באַציאונג צו די צוויי שפּראַכן פֿון אונדזער פֿאָלק, האָט זיך אויסגעדריקט: „העברעאיש איז אונדז ליב און יידיש האָבן מיר האָלט“.

שינדלער האָט ביידע שפּראַכן „ליב און האָלט“, און ער זעט אין זיי נצחיות.

ס׳איז בכלל ניט נויטיק צו מעסטן די טיפֿקייט פֿון דער ליבע צו דער און דער אַנדער שפּראַך. און לאָמיר ניט אַוועקלייגן די ביידע שפּראַכן אונדזערע אַף אַ וואָג און קאָנצענטרירן אונדזערע אויגן אַף די שאָלן, וועלכע שאָל איבערוועגט די צווייטע. די ביידע שפּראַכן אונדזערע קענען און מוזן לעבן צוזאַמען בשלום אָן וועלכער ס׳איז קאָנקורענץ, אָן וועלכן ס׳איז שטרעבן צו זיין די איינציקע האַרנטע און אַרויסשטופּן די צווייטע.

א טייל פון שינדלער׳ס לידער זענען באַגלייט מיט מוזיק פאַר־פאַסט פון עטלעכע אייראָפּעאישע קאָמפּאָזיטאָרן, ווי פון דעם באַוואוסטן לאָדזשער חזן הלל אַלטערמאַן ז״ל און פון די טאַלאַנטפולע קאָמפּאָזיטאָרן יעקב ווייגגאַרטן ז״ל, קראָקע, און י. ב. מאַצקעוויטש ז״ל — .

צו אַ גרויסער צאָל פון די לידער האָט די מוזיק פאַרפאַסט דער באַרימ־טער ניו־יאָרקער חזן און קאָמפּאָזיטאָר יהושע ווייסער, דער מחבר פון מאָנומענטאַלע און קלאַסישע ווערק ווי — „בעל־תפלה״, „עבודת־החזן״, „רינת־יהושע״ און אַפּולע אַנדערע, צווישן וועלכע ס׳זענען אויך פאַראַן וועלט־לעכע און רעליגיעזע פאָלקסטימלעכע לידער, זמרה־בצבור, און כאָראַלע קאָמ־פּאָזיציעס.

חזן ווייסער פאַרנעמט אַן אייגנאַרטיקן אָרט סיי אין אונדזער ליטורגישער מוזיק און סיי אין דעם אויסטייטש פון אַ יידישן פאָלקסליד.

ווייסער׳ס מוזיק פאַרמאָגט אַלע ניואַנסן, פון וועלכע שינדלער׳ס רעלי־גיעזע לידער און פאָלקסגעזאַנגען וועלן באַרייכערט ווערן.

פון דער באַהעפטונג פון אליעזר שינדלער׳ס האַרציקן וואָרט און יהושע ווייסער׳ס שטייגערישער מוזיק, וועלן די הערער האָבן אַ גרויסן תענוג רוחני.

און ווייל שינדלער׳ס פּשוטע געזאַנגען פאַרמאָגן אין זיך האַרציקייט, וועלן זיי געפינען דעם נאָענטסטן וועג צום לייענערס האַרצן.

---

אַ הומאַניסט האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט, אַז ווען אים וועט זיך איינ־געבן אַרויסרופן אויף מענטשנס ליפּן אַ שמייכל, וועט ער יעמלט קענען זאָגן, אַז ער האָט ניט געלעבט אומזיסט.

אייניקע לערערקעס פון די „בית־יעקב״ שולן, וועלכע זענען דורכגע־גאַנגען אַלע שבעה מדורי־גיהנום פון די טעווטאָנישע טויטנקאַמערן און על־פי־נס ניצול געוואָרן און געפינען זיך איצט אין אַמעריקע, האָבן דאָ דערציילט, ווי מ׳האָט מיר מיטגעטיילט, אַז אין די לאַגערן האָט מען געזונגען שינדלער׳ס לידער, פון וועלכע מען האָט געשעפּט טרייסט און בטחון.

די דאָזיקע זכיה איז אויסגעפאַלן אויפן גליקלעכן גורל פון אונדזער דיכטער אליעזר שינדלער.

אַ גרויסע זכיה!

בנימין באָרים קאַדער

שיקאַגאָ, איל., אדר תש״י.

# יידיש לשון

משה עלבוים אין פריינטשאפט

יידיש לשון, פשוט לשון
פון די טאַטע־מאַמעס —
ביסט דאָך מלא־חן אַזוי,
ווי בלימעלעך אין תמוז.

יידיש לשון, האַרציק לשון
פון מיליאָנען ברידער —
רב לוי־יצחק האָט מיט דיר
געשאַפן פרומע לידער.

ס'האָט רב נחמן מעשהלעך
אויף יידיש אונדז געגעבן.
יידיש לשון, מאַמע לשון
פרייד פון אונדזער לעבן.

# ייִדיש לשון

מוזיק פון יעקב ווײַנגאַרטן הי״ד

ווערטער פון אליעזר שינדלער

פשוט האַרציק

--טע-טאַ די פון שון-לְ שוט-פּ שון-לְ דיש-יִי

זוי – אַ חֵן לאַ-מָ דאך ביזט מעֶס·מאַ

ווי לי-בע-מע-לעד אין תּ - מוז ביסט דאך מָ-לאַ

חֵן אַ - זוי ווי לי-בע-מע-לעד אין תּ-מוז.

# דער יחוס פון יידיש

יידיש מיט עברי, מיט חומש און רש״י,
מיט הלכה אגדה און ש״ס.
מיט יידיש, אַביי־ורבא, רב־אַשי,
מיט יידיש, חקירה, מוסר און דת.

מיט יידיש, חסידות, די מעשה, דער ניגון,
דער וואַרשטאַט, דאָס שטיבל, די קלייט...
מיט יידיש, דאָס ליד פאַר קינדער אין וויגן;
און מיט יידיש, די גילדערנע קייט. —

# יידיש

יידיש לשון — אַ ליכטיקער היכל,
אין טעג פון עליה און ירידה.
יידיש לשון, דער זיפֿץ און דער שמייכל,
און דאָס ליד פון די וואָגלער די מידע.

יידיש לשון — אַ זוניקער שייער
פאַר די אוצרות פון אונדזער ירושה.
יידיש לשון באהיטער, באנייער,
פאַרמערער פון אונדזער קדושה.

# לשון־הקודש

לזכר נשמת הרב־הכולל ד״ר
משה אלעזר אייזנשטאַט, זצ״ל

לשון־הקודש — אייביקע שפּראַך,
קרוין פון דער יידישער אומה,
תפארת, קדושה, פאַרמאָגסטו א סך,
ביסט ריין ווי ישראל׳ס נשמה.

שרפים, אופנים, בענטשן און לויבן —
ס׳גלאַנצן אין דיר די כרובים.
לשון פון ריינעם, געטלעכן גלויבן —
פון תורה, נביאים און כתובים.

# לשון הקודש

מוזיק פון יהושע ווייסער — ווערטער פון אליעזר שינדלער

מיטעלמעסיג ריטמיש

*mf*

שפּראַך קע-בי-אײַ דֶש - - קוֹ - - הַ שון - ל

-תּפ מָה - אוּ שער - דִי - יִי דער פון קרוין

ביסט ..... סַך אַ סטוּ-מאָג-פּאַר שָה-דוּ - קְ רֶת - אֶ

-שְׁ .......מָה - שָׁ - נְ אֶלס - רָ - יִשׁ ווי רײַן

ס' בן - לוי און טשן-בענ נִים - פַּ - אוֹ פִּים - רָ

בים - רוּ - כְּ דִי דיר אין צן - גלאַנ

פון ,בן - גלוי כן - לע-געט בעם-רֵיי פון שון-ל

-יה שון-ל בים - כתו און אים - בִּי - נְ ,רָה-תוֹ

שׂער-די-יִי דער פון קרוין שפּראַך קע-בי-אײַ דֶש - קוֹ

א סטי-מאג-פאַר שָה-דוּ - קְ רֶת - אֶ - תּפ מָה - אוּ

...........מָה - שָׁ - נְ אֶלס - רָ - יִשׁ ווי רײַן ביסט ...... סַך

# יחיד, גוט איז דיר צו לויבן...

דעם העברעאיש יידישן שרייבער,
שלמה דמשק, אין פריינטשאַפט

יחיד, גוט איז דיר צו לויבן
פאַר די מלכותדיקע ווערק —
פאַר די שטורמען איבער בערג,
פאַר דעם וואָרקען פון די טויבן.

פאַר די תמימות פון די סאַרנעס,
פון די שעפעלעך און רינדער.
פאַר דעם חן פון קליינע קינדער,
פאַר דעם זיסן זאַפט פון באַרנעס.

פאַר דעם האָניק פון די בינען,
פאַר דעם גאָלד אויף תבואה־זאַנגען.
פאַר די ברכי־נפשי־קלאַנגען,
אין אַ ליכטיקן באַגינען . . .

פאַר די קראַפט פוןביימער־שטאַמען,
פאַר דיין גרויסקייט און התגלות
אין דעם ברויזן פון די כוואַליעס
אויף די רחבותן פון ימען . . .

פאַר די וואָלקנדלעך וואָס שוועבן
צווישן שטערנדלעך וואָס דרימלען;
פאַר דעם תכלית פון די הימלען,
פאַר דעם שיינקייט פונעם לעבן . . .

# יחידי, גאָט איז דיר צו לויבן...

מוזיק פון יהושע ווייסער
ווערטער פון אליעזר שינדלער




































# אויפן ים

גרויס און געהויבן ווי די זריחה און דער זונפאַרגאַנג,
זינגט תפארתדיק דער ים זיין אייביקן געזאַנג.
פול גדלות און גבורה דערציילן די כוואַליעס,
פון באַשעפערס מלכות און זיין וואונדערלעך התגלות;
זאָגן אָן הפסקה זייער געטלעכע שירה,
דערמאנענדיק די סודות פון אייבערשטנס יצירה.

גרויס און געהויבן ווי די זריחה און דער זונפאַרגאַנג,
זינגט תפארתדיק דער ים זיין אייביקן געזאַנג.
פול הכנעה און ענווה, פאַלן כורעים זיינע וואַלן,
צוברעכן זיך פאַר יראה, ברויזן אויף פאַר פרייד און שאַלן;
טוען די עבודה צום אין־סוף פול חדווה און הרחבה,
ווי די שרפים און אופנים אַרום דער הייליקער מרכבה . . .

# אין דער שעה פון חצות

אויף פעלדער און פלוינען איז זיין שפע חל.
פון זיין חסד זינגט אין דער נאַכט יעדער קוואַל.

אויף קוסטעס און גראָזן שוועבט זיין ריינע פרייד,
ליכט פון אור־הגנוז שטראַלט אויף סאָד און בייט.

שאַלן אַלע הימלען אין דער שעה פון חצות:
המלך המרומם לבדו מאָז . . .

# פאַרנאַכט אין פעלד

גבוה מעל גבוה שומר . . .
שעפּטשען שטילע, שקיעה־צייט, די בוימער.

שוועבן פרום די רחמים־פולע קלאַנגען,
איבער קוסטעס, איבער גראָז און זאַנגען.

זינגען פייגעלעך מיט פרייד און ציטער:
ס׳לעבט דער אַלטער גאָט, ס׳וואַכט געטריי דער היטער . . .

# דאָס ליכט פון זיין גנאָד

ביים זילבערנעם טייך, ביים ליכטיקן קוואַל,
אַנטפּלעקן זיך ניסים און צייכנס אַ שלל.

דאָס בת־קול פון באַרג, דאָס שווייגען פון טאָל,
דערציילען זיין גרויסקייט אָן גרעניץ אָן צאָל.

אין מלכות פון וואַלד, אין תחום פונעם סאָד,
צושטראַלט זיך אין שפע דאָס ליכט פון זיין גנאָד . . .

# זריחה

די זריחה־שטראַלן ווי מדרגות צו די עשר־ספירות.
פערלדיקר חן ליגט אויסגעשפרייט אויף בלעטער און גראָזן.
מלכותדיק דערציילן די הימלען פון געטלעכן תפארת
דאָס רוישן פון די טיפע וועלדער — רזין־דרזין.

וואַסערן און קוואַלן חדווהדיק שאַלן פון בורא׳ס גבורה
זיין רחמים לעבט און שוועבט איבער יעדן פויגל פלאַטער.
יעדער ניגון, שאָרך און קלאַנג, פורעם, פאַרב און צורה,
איז אַ תפילה, איז אַ שיר־היחוד צום אל־מסתתר.

# תשובה

דו ווייסט פון מיין יעדן געראַנגל און ריר,
דו זעסט דאָס בלוט פון מיין האַרצן טריפן.
זייזשע מקבל מיינע טרערן, מיין שיר,
און הער פון די הימלען מיין רופן.

ווי ס׳לעכצן די בלעטער און גראָזן נאָך טל,
די פלוינען אין דרום נאָך רעגן,
אַזוי לעכצט מיין נשמה צו דיין קוואַל
און זוכט באַשעפער דיינע וועגן. —

# ריין ווי פערל

דיין התגלות זאָלן מיינע אויגן זען,
מיינע אויערן דיינע בשורות הערן;
הייסע זאָלן מיינע תפילות זיין
און ריין ווי פערל מיינע טרערן. —

מיין האַרץ זאָל תמיד דיין קדושה פילן,
מיין נשמה דיין באַגער פאַרשטיין;
און דינען זאָל איך מיט הכנעה,
רבון־כל־המעשים, נאָר דיך אַליין! —

# ריין ווי פערל

ווערטער פון אליעזר שינדלער　　　　מוזיק פון יהושע ווייסער

מיט רעליגיעזן געפיל

*mf*

זען גן-אוי נע-מיי לן-זא לות-גַ-הְתְ דײַן

נע-מיי לן-זאָ סע-היי ;רן-הע רות-בְשו נע-דיי רן-אויע נע-מיי

רן-טרע נע-מײַ רל-פע ווי רײַן און ,זײַן לות-תפי

,לן-פי שָׂה - - דו - קְ דײַן מיד-תָּ זאָל האַרץ מײַן

-הָבְ מיט איך זאל נען-די און ;שטײַפּאַר גער-באַ דיין מָה-שָׁ-נְ מיין

*rit.*

*p*

לײַן-אַ דיִד נאָר גער-צי-איינ עָה - נָ!

# אודאי, אָבער פּאָרט

אודאי זענען מיר ניט אַזוי
ווי מיר וואָלטן געדאַרפט צו זיין:
יידן גאַנצע אָן אַ פּגם . . .

אָבער פּאָרט גאָטעניו
פלאַקערט אין אונדזערע הערצער
דיין אייביקער פלאַם . . .

אודאי זענען מיר ניט אַזוי
ווי מיר וואָלטן געדאַרפט צו זיין:
יידן ריינע, אָן אַ פּסול . . .

אָבער פּאָרט איינציקער,
איז אונדזער בענקשאַפט צו דיר,
אָן אַ סוף און אָן אַ גבול . . .

# אין מקדש

אַריין אין מקדש אַלע טעג,
און פריי די פיס
פון קייטן.

אין ווייסער ריינקייט,
זאָל דער רויטער פאָדים
זיך צושפרייטן —

און יעדער זאָל
אַ כהן־גדול זיין,
אין מקדש פון זיין האַרצן —

# גרים

א מתנה דער גרים־פֿאַמיליע שאַבאַנאָוו אין
דערפֿל טשולקאָוו, אַסטראַכאַנער גובערניע

הויכע געזונטע געשטאַלטן,
סלאַווישע צורות, פֿאַרברענט;
קינדער פֿון צפֿון דעם קאַלטן,
מאַזאָליעס באַדעקן די הענט.

האָדעווען בהמות און פֿערד;
ווילד ווי קאַלמיקן זיי רייטן,
ליבן די רוסישע ערד,
און ווילן דעם דת ניט פֿאַרבייטן.

ווייט פֿון די היימען פֿאַרטריבן,
געליטן רדיפֿות אַ סך —
דאָך פֿול עקשנות געבליבן
ביי משה׳ס אמונה און תנ״ך. —

# באַפריי אונדז פון שטעט...

עיר ההרס... (ישעיהו י״ט)

באַפריי אונדז פון שטעט, פון שטיינערנע גאַסן,
וואו סווערן די מענטשן געיאָגט און גענאַרט . . .
צוטיילט און צושפּאַלטן אויף מחנות און קלאַסן,
און גרויזאַם די לעבנס און הערצער פארצער׳ט . . .

וואו סווערן די שענצטע רעיונות צושטערט,
נשמות־יתרות באַפלעקט און צושניטן;
וואו סווערן די מענטשן דערווייטערט פון ערד,
פון פעלדער און וועלדער, פון בלעטער און בליטן . . .

# יעדער נביא מוז אַן עמוס זיין

יעדער נביא מוז אַן עמוס זיין,
פון כהן געמסרט, פון מלך געטריבן,
אַ גר אין זיין אייגענעם לאַנד . . .
מוז לעבן פון זיין מאָגער שטיקל פעלד,
פון זיינע שאָף און קי
און יעדן אין דער פרי
אויף דאָס ניי,
געוואַגט און פריי —
ווארפן די חרפה פון פאָלק
פאַר דער טיר פון יעדוועדנס געצעלט
ווי אַ בלוטיק, איינגעקויטיקט קלייד . . .

# צו די ווייטע פרעמדע פלוינען

צו די ווייטע פרעמדע פלוינען,
נייג איך מיין געצעלט,
פיר טירן לאָז איך אָפן
פאַר וואָגלערס פון גאָר דער וועלט . . .

און שטיי אין גרעסטן מיטאָק־בראַנד,
אַ פּאַטריאַרך, אַ ריז —
און דריק אַ יעדן גר די האַנט,
און וואַש אים זיינע פיס . . .

# נתן בירנבוים

אויפן הויכן שטערן רוט דער יחוס פון דורות,
דער צלם־אלוקים געקריצט אין הייליקייט.
ווי דער חושן אויף דעם האַרץ פון כהן־גדול,
איז די זילבערנע באָרד מלכותדיק צושפּרייט.

פון די גרויסע גוטע אויגן, חזיונותדיק פאַרטראַכטע,
פאַרבענקטע ווי דער בלאָער ריינער ים־כנרת,
שטראַלן ליכטיק, תחנונימדיק און ציכטיק
די קדושות: דעת, רחמים און תפארת . . .

# אוריאל בירנבוים

פון היכל־היופי
זיין שורש־נשמה,
געלייטערט אין פייער
פון פיין און מלחמה.

שוועבט זי אַלץ העכער
פון ספירה צו ספירה
און דינט צו דער שכינה
מיט קונסט און מיט שירה.

# עולים־געזאַנג

לאָמיר ווייזן אונדזער פאָלק
די וועגן פון דער תורה,
מיט דעת רחמים און תפארת
דינען אונדזער בורא.

צו דעת רחמים און תפארת,
עולים לאָמיר שטרעבן,
און בקדושה ובטהרה
בויען יידיש לעבן.

וועט דאָס פייער פונעם סנה,
צווישן יידן ברענען,
וועלן אַלע אומות זען,
אַלע גאָט דערקענען.

וועט אַ סוף צום גלות זיין,
צו דער לאַנגער נאַכט;
און קומען וועט דער גאולה־טאָג
מיט מלכות און מיט פראַכט.

# עולים-געזאַנג

מוזיק פון יהושע ווייסער

ווערטער פון אליעזר שינדלער

מיט התלהבות

*mf*

דער פון גן - ווע די פאלק זער-אונד זן - ווי מיר-לאָ

רֶת - אֶ - תְּפּ און מים — חֶ - ר עַת - דַ מיט . דָה - תּוֹ

- חֶ - ר עַת - דַ צו רא - בוֹ זער - אונד נעך-די

שָׁה-דו-בְק און בן-שְׁטֶרֶע מיר-לאָ לים-עוֹ רֶת - אֶ - תְּפּ און מים

בן - לע. דִיש - יִ ען-בוי רָה-הָ - טָ - וב

דן - יִ שן-ווי - צ' סֶנֶה נעם-פו ער-פיַ דאָס וועט

-דער גאט לע-אַ, דען מות-או לע-א לן-ווע, נעך-ברע

געֶר-לאַג דער צו, זיַין לות - ג צום סוף אַ וועט נעך-קע.

מיט טאָג לָה - גְאוּ דער וועט מען-קו און נאַכט

די פאלק זער-אונד זען-ווי מיר-לאָ פּראַכט מיט און כות-מל

-חֶ - ר עַת - דַ מיט דָה - תּוֹ דער פון גן - ווע

*rit.*

רָאֶ - בוֹ. זער - אונד נעך-די רֶת - אֶ - תְּפּ און מים

# דורך דורות און צייטן

הרב ר' חיים ליבערמאַן שליט"א,
ביבליאָטעקאַר פון דער ליובאַ־
וויטשער ביבליאָטעק, מיט דאַנק!

(הימן פון די בני ישיבה)

מיר טראָגן די תורה
דורך דורות און צייטן;
מיר זעען ווי פעלקער
און שבטים זיך בייטן.

מדינות, ממשלות
זיך שטאַרקן און פאַלן.
ווען וועט אוי משיח
דיין שופר שוין שאַלן?!

ווען וועסטו באַשעפער
שוין שיקן דיין פרידן,
די גאולה־שלימה
פאַר פעלקער און יידן?!

דער גלות איז ביטער
און לאַנג אָן אַ שיעור —
גואל און היטער
מיר האָפן צו דיר!

לובלין, סיון תר"צ

# דורך דורות און צייטן

מוזיק פון יהושע ווייסער
ווערטער פון אליעזר שינדלער

מיט דבקות

mf

מיר ;טן - ציי און רות-דו דורך רה-תו די גן-טראָ מיר

-נֶ .טן - ביי זיך טים-שבָ און קער-פעל ווי ען - זע

ווען ,לן - פאַ און קן - שטאַר זיך לות - שָ - מֶ נות - די

ווען !?לן - שאַ שוין פָר - שו דיַין חַ - שי - מָ אוי ווער

די ,דן - פרי דיַין קן - שי שוין פער - שע - בא טו - ווס

דער !?דן - יִ און קער-פעל פאַר מָה - לֵי - שְ לָה - גאו

מיר טעַ-הי און אֵל-גו שיעור אַ אָן לאנג און ,טער-בי איז לות-גָ

דורך רה-תו די גן - טראָ מיר .......דיר צו פן - הא

rit.

.טן-ביי זיך טים-שבָ און קער-פעל ווי ען-זע מיר ;טן-ציי און רות-דו

# נצח־ליד

(געזאַנג פון דער צעירי־אגודת־ישראל)

ברודער, חבר,
ווער ניט מיד!
פריילעך זינג
דיין נצח־ליד!

מיט דער תורה
אין דער האַנט,
ברודער גיי
פון לאַנד צו לאַנד.

שרעק זיך ניט
פאַר פייער שווערט.
שרעק זיך ניט,
פאר פרעמדער ערד!

מיט אמונה,
גיי דיין וועג.
ביז צום טאָג
פון אַלע טעג!

# נֶצַח ליד

מוזיק פון יהושע ווייסער | ווערטער פון אליעזר שינדלער

מיט פרומען ערנסט

*mf*

!מיד ניט ווער ,בֶר - חַ ,דעֶר-ברוּ

דָה - תוֹ דער מיט .ליד צח - נ דיין זינג לעך-פריי

.לאנד צו לאנד פון גיי דער-ברו האַנט דער אין

פאַר ניט זיך שרעק ;שווערט,ער-פיי פאַר ניט זיך שרעק

וועג דיַין גיי נָה - מו - אֶ מיט !ערד דער-פרעמ

,בֶר - חַ ,דער-ברו !טעג לע - א פון סוף צום ביז

*rit.*

!ליד צח - נ דיַין זינג לעך-פריי !מיד ניט ווער

# יידיש און חסידיש

(דאָס געזאַנג פון פרחי־אגודת־ישראל)

מיר ייִנגעלעך מיר יידישע
ריינע ווי די בליטן,
גאָטעניו, דיין תורה׳לע
מיר האַלטן זי און היטן.

מיר ייִנגעלעך מיר חסידישע
לעבעדיק אין גלייבן;
אָדלערס פלינקע זענען מיר
שטאַרקע ווי די לייבן.

מיר ייִנגעלעך, מיר יידישע,
ליכטיקע ווי שטערן;
צו דינען דיר אין לויטערקייט
טאַטעניו מיר שווערן.

מיר ייִנגעלעך, מיר חסידישע
פייערדיק אין בענקען;
מיט משיח׳ן גאָטעניו
זאָלסט אונדז באַלד געדענקען!...

לאָדזש, תר״צ

# מיר ייִנגעלעך מיר ייִדישע

מוזיק פון יהושע ווייסער — ווערטער פון אליעזר שינדלער

מיט דבקות

*mf*

שע - די - יִ מיר לעך - גע - יִינ מיר

דיין ניו - טעֶ - גאָ ; טן - בלי די ווי נע - ריי

מיר -.טְן - הי מיר אין טן - האַל מיר לע - רֶה - תּו

אין דיק-בע-לע ,שע -.די - חֲסִי מיר לעך-גע-יִינ

מיר נען-זע קע-פלִינ לערס-אָדְ ווי בן - גליי

מיר לעך-גע-יִינ מיר ,בן-ליי די ווי קע-שׂטאַר

צי ;רן-שׂטע ווי קע-טי-ליכ ,שׂע-די-יִ

מיר ניו —טע-טאַ ,קייט-טער-לוי אין דיר נען-די

שׂע-די-חְסִי מיר לעך-גע-יִינ מיר רן-שׂווע

חן —שׂי— מָ מיט ..-קען-בענ אין דיק-עֶר-פּיי

rit.

---.קען-דענ-גע באַלד אונדז זאלסט ניו-טעֶ-גאָ

# מיט אַ פריילעכן געמיט

(געזאַנג פון די בנות־אגודת־ישראל)

מיט אַ פריילעכן געמיט,
לאָמיר זינגען אונדזער ליד.
ווי די פייגל אין דער פרי,
פול מיט פייער, פול מיט גלי.

אונדזער לעבן, ריין און פריי,
אונדזער תורה, אייביק ניי.
מידות, מצוות: אונדזער קרוין,
מעשים־טובים: אונדזער לוין.

אונדזער חלק: וואויל און גוט.
צווישן אונדז די שכינה רוט.
אונדזער גורל, גרויס און שיין,
אונדזער מלך: גאָט אַליין.

זינגטשעט אַלע אונדזער ליד,
מיט אַ חדווהדיק געמיט;
פול מיט דבקות, ברען און ברי,
ווי די פייגל אין דער פרי!

# מיט א פריילעכן געמיט

ווערטער פון אליעזר שינדלער

מוזיק פון יהושע וויסער

מיט התלהבות

מיט-גע, כן - - לע-פריי א מיט

גל - פיי די ווי ליד. זער-אונ גען - זינ מיר-לא

גלי. מיט פול ,ער - פיי מיט פול ,פרי דער אין

רָה - תּוֹ זער-אונ ,פריי און שטאלץ ,בן - לע זעָר-אונ

קרוין, זער-אונ :ות - כּבוֹ - צְ ,דות - מי ;ניי ביק-איי

לק-ח: זער-אונ לוין. זער-אונ בים - טוֹ שים-מַע

רוּט. נה-שכי די אונז שן-צווי גוּט. און וואויל

לֶד-מֶ זער-אונ ,שיין און גרויס ,רל - גוֹ זער-אונ

ליד, זער-אונ לֶע-אַ טשעטשאינג .לייך - א גאט

קוּת-דֶב, מיט פול ,מיט-גע דיק - וֶה - חֶד א מיט

פרי! דער אין געל - פיי די ווי ברי און ברען

# שחרית

אַני לדודי — ודודי לי,
זינגען פֿייגעלעך אין דער פֿרי.
זינגען לעבעדיק און פֿריילעך:
גאָט ברוך הוא איז אונדזער מלך.

אַני לדודי — ודודי לי,
שטייען ביימער אין געבלי.
פּערל־טויען אויף די פֿלאַנצן,
בלישטשען וואונדערלעך און גלאַנצן.

אַני לדודי — ודודי לי,
קומט די זון מיט פּראַכט און גלי,
אויף וועלדער, פֿעלדער, זאַפֿטיק גרינע,
שפּרייט זי אויס דעם זיו־השכינה.

# שחרית

מוזיק פון יהושע ווייסער

ווערטער פון אליעזר שינדלער

פאמעלעך ריטמיש

*mf*

לי ....די – דו – וְ די-דו-לְ ......ני – אַ

-בע-לע גען – זינ פרי דער אין לעך-גע-פייַ גען-זינ

לֶך-מֶ דזער-אונ איז הוא רוך-בָּ גאט לעך-פריי און דיק!

לי ....די – דו – וְ די – דו – לְ ני – אַ

ען – טוי רל – פע בלי – גע אין מער-בײַ ען-שטיי

צן-גְלאַנ און לעך-דער-ווארג טשען-בליש, צן-פלאנ די אויף.

לי די – דו – וְ דִ – דו – לְ .......ני – אַ

דער-פעל, דער – וועל אויף גלי און פראכט מיט זון די קומט,

*rit.*

נָה – כִי – הַשְ זיו דעם אויס זי שפרייט גע-רי ...טיק – זאַמ.

# שרה שענירער

אין דער שיינער, שטילער,
נגידישער קראָקע —
אין דער שטאָט פון לומדות,
פון חסידות און צדקה;

האָט שרה שענירער,
געלייגט דעם יסוד,
צו נאַ בנין־מפואר,
געהייליקט צו גאָט.

שטאַרק האָט איר רוף,
ווי — ס׳קול פון אַ וועכטער —
געבעטן, געוואָרנט,
די יידישע טעכטער;

געקליבן, געזאַמלט,
אַרום דער מנורה,
יונגעטשקע מחנות,
געטריי דער מסורה.

דאָרט וואו ס׳האָט מינות,
צובראָכן, צוריסן —
געשאַפן געצעלטן,
פאַר צניעות און וויסן.

און די וואָס מיט שנאה
פון פאָלק זיך דערווייטערט,
דערנענטערט צו שכינה,
גערייניקט, געלייטערט . . .

איז גרויס גאָר איר תיקון,
און זעלטן איר זכיה . . .
און וואָס אַמאָל שענער,
צובליט זיך די זריעה.

און ס׳גרינען די ביימלעך,
און ס׳וואַקסן די פּירות,
אין זוניקן רחבות
פון חרות און חירות . . .

# בית־יעקב־שול־געזאַנג

מיר זענען ווי פייגעלעך פרייע,
מיר זענען ווי בלימלעך אין פעלד ;
מיר זענען חבירות געטרייע,
מיר קינדער פון יעקב׳ס געצעלט.

מיר לערנען און זינגען צוזאַמען,
מיר לעבן אין פרידן באַנאַנד ;
קיין שנאה ביי אונדז ניט פאַראַנען,
די תורה זי איז אונדזער באַנד.

מיר זענען געטריי אונדזער בורא,
מיר היטן זיין הייליק געבאָט ;
מיר שווערן צו האַלטן די תורה,
צו דינען דעם איינציקן גאָט.

# בית - יעקב - געזאנג

מוזיק פון הלל אַלטערמאַן הי״ד (לאָדז) ווערטער פון אליעזר שינדלער

מארש - טעמפא












# רב ישראל־בעל־שם־טוב

מיט ווערטער און מעשים, פשוט און געטלעך,
פאַרזייעט שמחה אין די עלנטע שטעטלעך.

פאַרטריבן די שאָטנס פון כמעלניצקין און פראַנק,
געלערנט דינען גאָט מיט רקידות און געזאַנג.

דאָרפס־יידן דערהויבן פון שפלות הכנעה,
די קנאים דערמאָנט: רחמנא ליבא בעי . . .

גאַווה פיינט געהאַט ווי די עבודה־זרה —
געווען טרייסטער פון פאָלק אין יעדער עת־צרה . . .

# אלימלך און זישע

דער נועם־אלימלך און דער רבי־רב־זישע.
גלות אָפּגעריכט האָבןביידע ברידער,
געזונגען תהלים מיט גלי אין די גלידער.
פול חדות־הנפש צום מלכא־קדישא.

געטראָגן די בשורה פון בטחון, נחמה,
אין עלנטע, אָרעמע, אַרנדאַרישע הייזער.
אויסגעלייזט פון תפיסות טאַטעס און שפּייזער,
געשטאַרקט און געלייטערט גוף און נשמה.

פאַרטריבן די כמאַרעס פון עצבות און טרויער,
צושפּרייט די שטראַלן פון רחמים און פרייד.
אין ווינקלען פון יאוש, פון שפלות און נויט,
אַנטפּלעקט דאָס ליכט פון חסידות און זוהר.

# רבי לוי יצחק

ווי דער מאָרגן־שטערן, איז זיין נאָמען אויפגעגאַנגען,
אַ דערבאַרעמדיקער איז ער פאַר אַלעמען געווען;
געהייליקט יידיש לעבן מיט ניגונים און געזאַנגען,
תמיד און אומעטום, נאָר דאָס גוטע און דאָס ליכטיקע געזען.

און אַלץ וואָס ער האָט געזאָגט, געזינגען און געשריבן,
סיי בנחת, סיי אין צער, סיי אין ברען און צאָרן;
ווי פערל האָבן חסידים און תלמידים דאָס געקליבן
און אַ קנין פון גאָטס פאָלק, אַ ניצחיות געוואָרן.

# רבי משה סופר פון פשעוואָרסק

אין פשעוואָרסקער קלויז,
ביי טאָג און ביי נאַכט,
אין נגלה פאַרטיפט,
אין נסתר פאַרטראַכט.

סרוב פון זיינע נעכט,
פארוואנדלט אין טעג —
זהר און אלשיך,
די ליכט אויף זיין וועג.

די ספרי־תורות,
די מזוזות און תפילין,
ווי אַ שרף געשריבן,
גאָטס ווילן צו דערפילן.

זיין אור־פני־משה,
אויף תנ״ך און חז״ל;
ווי אַ ליכטיקער שטראָם
פון גאָטס אייגענעם קוואַל . . .

# דער יידישער וועג

לא בחייל ולא בכח כי אם ברוחי
אמר ה׳ צבאות (זכרי׳ ד׳ ו׳)

ניט מיט שפּיזן, ניט מיט שווערד,
ניט מיט שטורעם וואָס צושטערט.
ניט מיט רשעות, ניט מיט זינד,
ניט מיט שנאה, — האַס איז בלינד...

נאָר מיט רחמים, נאָר מיט גייסט,
נאָר מיט ליבשאַפט, נאָר מיט טרייסט,
און מיט בענקשאַפט צום אין־סוף
און צו דער וועלט פון כולו־טוב...

# דער יידישער וועג

מוזיק פון יהושע ווייסער

ווערטער פון אליעזר שינדלער

מיטל-מעסיג, געפילפול



רעם-שטוּ מיט ניט ,שווערד מיט ניט , זן -שפּי מיט ניט



אָה-שְׁן מיט ניט , זינד מיט ניט ,עות-רְשׁ מיט ניט שטערט-צוּ וואס.



גייסט מיט נאר , מִיִם-חֵ-רַ מיט נאר ...בלינד איז האָס



שאפּט-בענק מיט און טרייסט מיט נאר שאפּט-ליב מיט נאר




טוּב לוֹ - כּוּ פון וועלט דער צוּ און סוף אֵין צוּם.....

# אין לאַנד פון דער הבטחה

מיין פראַנט־חבר, דעם העברעאישן
דיכטער, מאיר מוהר, תל־אביב

ווידער בויען יידן דערפער און שטעט,
היימען פאַר ברידער, צוזייט און צושפּרייט.

פאַרזייען תבואות, פאַרפלאַנצן ביימער,
— ניט דרימלט, ניט שלאָפט גאָט אונדזער שומר.

פירן מיט פרייד דעם אייגענעם אַקער,
— כי נצח ישראל לא ישקר!

# אין לאַנד פון דער הבטחה

מוזיק פון יהושע ווייסער

ווערטער פון אליעזר שינדלער

ברייט, און מיט זיכערקייט

*mf*

ווי-דער בוי-ען יי-דן דער-פער און שטעט.

היי-מען פאַר ברי-דער צו-זייט און צו-שפּרייט. פאַר-

זיי-ען תּבו-אות פאַר-פּלאַנ-צען בוי-מער, ניט

דרי-מעלט, ניט שלאָפט גאָט אונדזער שו-מר. פי-רן מיט פרייד

דעם איי-גע-נעס א-קער פי נֶ-צַח ישְׂ-רָ-אֵל

לאַ.......... ן-שֶ-קֶר... ווי-דער בוי-ען יי-דן

דער-פער און שטעט. היי-מען פאַר ברי-דער צו-זייט *rit.* און צו-שפּרייט.

# ישראלס שיינקייט

ישׂראל׳ס שיינקייט, דאָס שיינקייט פון תנ״ך,
ווי דער מילעך־וועג, ליכטיקט אונדזער שליאַך.

צער פון אַלע מענטשן, אונדזער פיין און וויי.
יידיש התלהבות, פונקען פונעם סנה.

פול הייליקער שפע אונדזערע צנורות,
ישראל׳ס קיום — עד סוף כל הדורות. —

# אין גלות

מיר האָבן געזינדיקט,
מיר האָבן צושטערט;
מיר זענען ווי בלעטער
געטריבן פון ווינט.

מיר זענען ווי פלעווער,
ווי שטויב פון דער ערד;
זיי מוחל באַשעפער,
פאַרגיב אונדז די זינד.

מיר זענען פאריתומט,
פאראיינזאַמט געבליבן;
ווי דערנער צוואוואָרפן,
אין מדבר, אין פלוין.

מיר בלאָנדזשען אין גלות,
פאַריאָגט און פאַרטריבן —
וואַלגערט אין שטויב זיך,
באַשעפער דיין קרוין. —

# אין גלות

ווערטער פון אליעזר שינדלער

מוזיק פון יהושע ווייסער

פּאַמעלעך, טרויעריג

*mf*

מיר האָ-בן גע-זינ-דיקט, מיר האָ-בן צו-שטערט,

מיר זעֶ-נען ווי בלע-טעֶר געט-רי-בן פון ווינט.

מיר זע-נען ווי פלע-וועס, ווי שטויב פון דער ערד;

זיי מוּ-חל, בא-שע-פער, פאַר-גיב אונדז די זינד.

מיר זע-נען פאַר-יָ-תומט, פאַר-איין-זאמט גע-בלי-בן;

ווי דער-נער צו-וואָר-פן אין מִדְ-בָר, אין פלוין

מיר בלאַנד-זשען אין גָ-לות, פאַר-יאגט און פאַר-טרי-בן,

*rit.*

וואַל-גערט אין שטויב זיך, בא-שע-פער, דיין קרוין...

# און לאַנג וועט דער וועג זיין...

... און לאַנג וועט דער וועג זיין — מיט שפּיציקע דראָטן,
די סעדער און ביימן — מיט שטאַנגען פאַרצוימט ;

אין שקר, אין שטאָלענע קייטן געפאַנגען,
וועט ליגן דער חלום, וואָס דו האָסט געטרוימט . . .

וועט שמאַכטן דיין גומען אויף ביטערן וואָגל,
און לעכצן מיט רחמים נאָך קוועלנדיק וואַסער . . .

זיי וויסן מיט רויך איז געפילט אָט דער לאָגל,
וואָס טראָגט דיר אין פאַלטשקייט אַנטקייגען דיין האַסער . . .

# אַ מלכותדיקע קרוין

אַ מלכותדיקע קרוין איז פאַר אונדז דיין עול,
כאָטש גלות און געטאָ, כאָטש געלע לאַטע.
פון ברענעדיקן סנה הערן מיר דיין קול . . .
איינציקער גאָטעניו ביסט אונדזער טאַטע,
און מיר די אייביק־גערודפטע, דיין בכור.
טראָגן מיר מיט התלהבותדיקער פרייד
דיינע ליכטיקע לוחות, פון דור — צו דור,
אויף די וואָגל־וועגן פון דער אייביקייט . . .

# די תפילה פון גערודפטע

שטאַרק אונדז בורא, מיר זאָלן ניט צובראָכן ווערן
אונטער די יאָכן פון בילבולים און האַס.
גיב אונדז כוח, מיר זאָלן קענען אויסהאַלטן
דעם צער אין שטוב, און די בזיונות אין גאַס.

זאָלן די נשמות און הערצער פון אונדזערע קינדער,
נישט צושניטן ווערן פון די קללות און רייד;
און זאָל דעם אכזרס פאַרשאָלטענער געשפּעט,
ניט פאַרשוועכן זייער יונגע הייליקע פרייד.

מינכן, ווינטער 1933

# מיין קינד

ליגסט אַזוי באַחנ׳ט
אין דיין געלעגערל
און שיינע קינדער־אויגן
גלאַנצן מיר אַקייגן
פול מיט פרייד . . .

איך לאַך צו דיר,
איך ווינק צו דיר,
און טיף אין האַרצן
נאָגט אַ ביטערקייט
אין מיר, אַ פיין —

מיין קינד, דיין גורל
וואָס וועט זיין ?! —

# וויגליד תרצ״ג

שלאָף מיין קינד, ניט פרעג פאַרוואָס
מיר ליידן צרות אָן אַ מאָס. —
שווער צו ריידן, שווער צו זאָגן
שלאָף מיין קינד די מתים קלאָגן . . .

שלאָף מיין קינד, אַלץ טיפער שלאָף,
מיר זענען הפקר ווי די שאָף.
אין דאַכאו ווילדעווען די הינט,
שלאָף מיין יתומל מיין קינד.

אדום שפּייט מיט סם און האָס,
פאַרפּייניקט טויזנטער אָן חס . . .
און וועלט איז שטום, וועלט איז טויב,
שווייגט צו שקר, מאָרד און רויב.

שטילט און שטומט און ווערט ניט רויט,
און זינקט און שטינקט אין בלוט און קויט.
ס׳פינצטערט אָן אַ סוף די נאַכט,
דער תליון זשעדנע שינדט און לאַכט,

ס׳קעפּט זיין מערדער־האַק און טריפט,
און דער מטורף שפּריצט מיט גיפט!
שלאָף מיין יתומל ניט פרעג,
ס׳איז אויף יידן אַ גזירה . . .

רוצחים שאַלטעווען און קנעכט,
ניטאָ קיין שופט, ניטאָ קיין רעכט.
ס׳הערשט דאָס מעסער און די בייטש,
ס׳ווייזט זיין פּרצוף איצט דער דייטש.

מינכן, אַפּריל 1933

# וויג-ליד תרצ״ג

מוזיק פון יהושע ווייסער                ווערטער פון אליעזר שינדלער

לאנגזאם, טרויעריג



רות - צָ דן - ליי מיר וואָס -פאַר פרעג ניט, קינד מיין שלאף
אין שטינקט און זינקט און רויט ניט ווערט און שטומט און שטילט



גן - זאָ צו שווער ,דן -ריי צו שווער ,.מאָס אַ אָן
דער נאַכט די סוף א אָן טערט-ס'פינצ .קויט און בלוט



אַלץ, קינד מיין שלאף ...גן -קלאָ תים - מֵ די קינד מיין שלאף
-דער-מער זיין ס'קעפט ,לאַכט און שינדט נע-זשעד יון -תָּלְ



אין .שאָף די ווי קר -הֶפ נען -זע מיר שלאף פער -טי
......גיפט מיט שפריצט רף - טוּ - מְ דער און ,טריפט און האַק



מיין מ׳ל-תו-ן מיין שלאף ,היינט די וועץ - דע-וויל כאו-דא
-גע א דן-יי אויף ס'איז ,פרעג ניט מ׳ל - תָ - ; מיין שלאף



-זען-טוי ניגט-פיי-פאַר האָס און סַם מיט שפייט דום-אָ .קינד
-ני פְּס-שוּ קיין טא-ני ,קנעכט און וועָן -טע-שאַל חים-רוצ .....יעָג



,טויב איז וועלט און שטום איז וועלט און ....חַס אָן טער
.בייַטש די און סער - מע דאָס הערשט- ס.... רעכט קיין טאָ





....דייטש דער איצט .רויב און מאָרד קָ-שָ צו שוויגט
צוף-פָּר זיין סוויזט

# אין רשות פון משחית

ברידער וואָגלען נע־ונד,
שוידער, שרעק, אויף שפּור און שליאַד.
נויט און טויט, אויף שטעג און וועג,
פון שונאס בלוטיקן געיעג...

הענגט דער הימל שווער ווי בליי,
טויב און טעמפּ, צום צער־געשריי.
ניטאָ קיין דיין, ניטאָ קיין דין —
די זון אַ טוכלע קאַלטע שפּין.

אַ וועלט אָן פרייד, אָן ליכט, אָן טרייסט,
רק יאוש, וואו דו שטייסט און גייסט.
עמלק שינדט און שענדט און שפּאָט,
שפּייט אויף גאָט און גאָטס געבאָט...
גרוילט דער ווינט ווי ת״ח ות״ט:
צר ומצוק מכל צד!...

# חורבן גאַליציע

דו אַמאָליקע יידישע חסידישע מדינה,
מיין געוועזענע היים אין לאַנד פון די בעסקידן
און קאַרפּאַטן;
וואו טויזנט־מאָל־טויזנט־יידן,
האָבן זיך רחמימדיק געטוליעט
צו דער שכינה,
ווי סע טוליען זיך קינדער
צום טאַטן. —
ווען וועסטו גאָט שיקן
אַ נייעם מקונן,
וואָס זאָל מיט קינות באַוויינען
די גרויסע עקדה,
פון דיין געקליבענער עדה,
אַברהמס הייליקער זאָמען,
אומגעקומען צו אַכפּערן דיין נאָמען,
אויף גאַליציעס פאַרחלומטע פלוינען?!...

# פשעוואָרסק

פשעוואָרסק, דאָס פרומע שטעטל פון מיין עלטער־זיידן,
דעם הייליקן אור־פני־משה, — אין ליכטיקן גן־עדן . . .
איך גיי פול צער פון הויף צו הויף, פון טויער צו טויער,
איך זוך גאליציעס שענסטע שול. — דער בנין מפואר,
בתי־מדרשים, קלויזן, אַלץ איז חרוב, חרוב, חרוב . . .
פאַרשטומט דער קול־התורה . . . ניטאָ קיין גואל קיין קרוב...
פראים און רשעים זענען איצט מטמא די דירות
פון יידן, געלעבט אין אַ וועלט פון מדריגות און ספירות . . .

# שטעטלעך

מיין בן־עיר, דעם דיכטער בעריש וויינשטיין

שטעטלעך פול מיט יידיש לעבן,
מיט תמימות און עניוות.
גאָטס פאָלק האָט איר געגעבן,
תורה - דעת - חכמה - חשיבות.

אויף פוילנס און אויף ליטעס ערד,
טיף געוואָרצלט אונדזער שורש.
עד־היסוד איז אַלץ צושטערט,
ניטאָ קיין המשך, קיין יורש. —

# אמונה און בטחון

די נאַכט איז לאַנג,
די הימלען שוואַרץ;
ס״ם די שלאַנג,
פאַרסמט דאָס האַרץ.

צודריקט די קייט —
דערשטיקט דער יאָך,
דער וועלטן־בראָך,
דעם שטנ׳ס פרייד.

דער רשע לאַכט,
דער אַכזר קוועלט:
„ווער ס׳האָט די מאַכט,
דער האָט די וועלט.

גאָט, גוטסקייט, גייסט,
דין, רחמים, רעכט,
אַ פאַלשע טרייסט,
פאַר שוואַכע קנעכט!״

נאָר איך, איך ווייס,
איך גלויב און האָף:
צו אלדאָס בייז,
וועט זיין אַ סוף.

נאָך נויט און טויט,
נאָך קלאָג און פלאָג,

וועט אויפגיין רויט,
אַ נייער טאָג. —

אַ צייט פון גליק,
פון טאַט און טאָלק,
וועט זיין די בריק,
פון פאָלק צו פאָלק.

אויף יעדן טראַט,
אויף יעדן אָרט,
וועט הערשן גאָט,
זיין גייסט, זיין וואָרט. —

# וויגליד

מיין אייניקל מרים־נחמה א מתנה

שלאָף מיין קינד און האָב הנאה,
איבער דיר די הימלען בלאָע;
זילבער־וואָלקן שיין געשליפן,
שווימען שטאָלץ ווי וואונדער־שיפן.

פירן אוצרות גאָלד פון אופיר
און משיחס גאולה־שופר.
צעדערביימער פון לבנון,
מאסטן פאַר די חרות־פאָנען.

בעליקעס פאַר אונדזער היכל —
„קליינער כרוב, איך קוש דיין שמייכל,
כ׳קוש די קלוגע, טיפע אויגן,
שיינע ווי דער רעגנבויגן!״

שלאָף מיין קינד מיט גרויס הנאה
איבער דיר די הימלען בלאָע —
אַרום דיר די גרינע לאַנען,
וואו גאָטס ברכה איז פאַראַנען.

אין די וועלדער פלינקע הערשן,
אין די סעדער רויטע קערשן.
סטאַדעס שאָף, טאַבונען פערד
אויף פלוינען מיסטישע פאַרקלערט.

עופות, אויבסן, ברויט און קימל
פעטס פון ערד און טל פון הימל.
סטויגן ווייץ און קאָרן־גאַרבן
ליכט און שפע, פרייד און פאַרבן.

# זויג ליד

מוזיק פון יהושע וויסער　　　　ווערטער פון אליעזר שינדלער




אָה - נָ - הֵ האָב און קינד מיין שלאָף
אָה - נָ - הֵ גרויס מיט קינד מיין שלאָף



קען-וואל בער-זיל; ע - באַ לען -הימ די דיר בער - אי
די דיר רום - א _ע - באַ לען -הימ די דיר בער - אי



פן - שי דער - וואוג ווי שטאָלץ מן - שווי פן - שלי - גע שיין
.נען - אַ - פאַר איז כָּה - בְּרָ גאָט'ס וואו ,נען - לא נע - גרי



חָ'ס - שי - מָ און פיר - אוּ פון גאלד רות - אוצ רן - פי
דער - סע די אין ,שן - הער קע - פלינ דער - ווער די אין



מער - ביי דער - צע פר - שו לד - גאו
- טאַ שאָף דעס - סטאַ .שן - קאַר טע - רוי



נען - פאָ רות - הֶ די פאַר טן - מאָס ,נון - בָ - לְ ...... פון
.קלערט - פאר ,שע - טי - מיס נען - פלוי אויף פערד נען - בו



איך, כרוב נער - קליי" ,כל - הַי זער - אונד פאַר קעס - לי - בע
און ערד פון פעטס .מל - קי אין ברויט סן - אויב פות - עו



גן - אוי פע - טי גע - קלו די כקוש ,כל - שמיי דיין קויש,
בן - גאַר - רן - קאַ אין ווייץ גן - סטוי .מל - הי פון טל,




...בן - פאַר און פרייד "גן - בוי גן - רע דער - ווי נע - שיי
,פע - שֶ און ליכט

# אין צייטן פון פאַרלענדעניש

אין צייטן פון פאַרלענדעניש און שטורעם
די חדווה פון באַשעפער, אונדזער טורעם.

זיין נאָמען אונדזער עמוד־אש, אונדזער פאָן,
אין דער מהומה פון גויעשן שגעון. —

# מיינע געזאַנגען

מיינע שטילע פּשוטע געזאַנגען,
היימיש ציכטיק און באַשיידן;
פאַרצייכנט אין אייערע קלאַנגען,
זענען מיינע ליידן, מיינע פריידן.

די שפּורן פון מיין וואַנדער־לעבן,
די סמנים פון מיינע יאָרן,
אויף אייערע שורות, צאַרטע שוועבן,
איר, מיין ספר־הזכרון.

# מיינע געזאנגען

ווערטער פון אליעזר שינדלער

מוזיק פון יהושע ווײַסער

זייער פאמעלעך, הארציק

*p* טיק-ציכ מיש-היי, גען-זאנ-גע טע-שו-פּ לע-שטי נע-מיי

גען-קלאַנ רע-ע-אַיי, דן-שײַ-באַ אין כנט-ציי-פּאַר, דן-שײַ-באַ און

די ;דן-פריי נע-מײַ ;דן-לײַ נע-מיי נען-זע

נים-מָ-סְ די ,בן-לעֶ דער-וואַנ מײַן פון רן-שפו.

טעֶ-צאַר רות-שו רע-ע-איי אויף רן-יאָ נע-מיי פון

-זײַ-הַ פְּר-סֵ מיין איִר בן---שוועֶ

גען-זאנ-גע טע-שו-פּ לע-שטי נע-מיי רוֹן--כָּ

אין כנט-ציי-פּאַר, דן-שיי-באַ און טיק-ציכ מיש-היי

*rit.*

.דן-פריי נע-מיי דן-ליי נע-מיי נען-זע, גען-קלאנ רע-ע-איי

# טיטשין

מיין בן־עיר, צבי ברוך
וויכטער, אין פריינטשאפט

צווישן סודות־פולע וועלדער,
צווישן פעלדער זאַפטיק־גרין,
ווייט אַוועק פון באַנען, שליאַכן,
ליגט דאָס שטעטעלע טיטשין.

כ׳האָב מיין קינדערלעבן דאָרטן,
שטיל און אומעטיק פאַרבראַכט;
צווישן חסידים, יידן־לומדים
איבער ספרים טיף פאַרטראַכט.

# מיין שטעטעלע טיטשין

מוזיק פון יהושע ווייסער | ווערטער פון אליעזר שינדלער


















# קינדערטעג

טעג פאַרבראַכט ביי אונדזער שכן,
טעג ביים טייכל זיך געשפּילט;
גלאַטע שטיינדעלעך געקליבן,
פלינק געשליידערט און געצילט.

אָפּט אַריין אין זיידנס גאָרטן,
זוכן דאָרטן מיר אַ שנעק;
קינדערטעג און קינדעריאָרן,
ווי דער ווינט זענט איר אַוועק...

# אין סעדל

אין סעדל ביי רב ניסן שוחט,
וואַקסן ביימעלעך מיט פלוימען;
וואַקסן באַרן דאָרטן אויכעט,
דאַרף מען טאַקע זיך ניט זוימען.

אויף די דערפער איז רב ניסן,
און די שוחטקע ביי שכנים;
קאָן מען רייסן — ווער וועט וויסן? —
און צוטיילן זיך איניינעם . . .

# פון זיידנס קוואַל

מיין ברודער ראובן, דעם פאַרמער
אין שבי־ציון, ישראל

מיין זיידעשי געוועזן איז אַ זקן,
הדרתדיק און גרויס —
פלעגט ער יעדן אינדערפרי
מיך נעמען אויף זיין שויס,

און מיט זיין אומעטיקן ניגון
דערציילן מיר א סך;
אַלטיטשקע לעגענדעס ליבע,
פון מדרש און תנ״ך.

פון יידישע גבורים שטאַרקע
אויף ציון׳ס אַלטע ערד —
פון וואונדערשיינע שטאָלצע שטעט
וואָס רוים האָט ווילד צושטערט.

פון יידישע קדושים ריינע,
פון שפּאַניעס בלינדן האַס;
פון דיכטער־מקובלים שטילע
אין אַלטן פרומען צפת . . .

און נאָך און נאָך דערציילן
פלעגט דער זקן פיל . . .
פון וועלדער און פון היילן,
פון וואָגלען אָן אַ ציל . . .

פלעג איך אַלץ מיט חשק
דעם זיידן הערן, הערן, הערן . . .
און סרוב דערביי פאַרגיסן
ריינע קינדער־טרערן . . .

# פון דיידעג׳ס קוואַל

מוזיק פון יהושע ווייסער

ווערטער פון אליעזר שינדלער

פאַמעלעך מיט בענקשאַפט

מיין זײדע־שי־געוו־זן איז אַ ־ קן
פון נע־רײ ־ י די־ שע־ ק־ דו־ ־ שים

דער אין דן־יע ער פלעגט, גרויס און דיק־׳רת־הד
לים ־ בּ ־ קו־ מ טער־דיק פון ; האָס דן ־בלינ ניעס־שפּא

און ז שויס דיין אויף מען ־ נע מיד פּרי
לע ־ שטי אין ־אל טן ־פרו מען צפת!...

אַ מיר לן ־ ציי־דער ז גון ־ בי קן־טי־מע־או זיין מיט
קן ־ ז דער פלעגט לן ־ ציי דער נאך און נאך און

פון בע ־ לי דעס ־געג־לע קע־טיטש־אַל ;סך
פון לן ־ היי, פון און דער־וועל פון פּיל.......

רים־בו־ג שע־די ־ יי פון .נד ־ ־ ת און רש ־מד
מיט אַלץ איך פלעג צ׳יל...... אַ אָן לען ־ וואָג

פון ערד טער־אַל יונ׳ס ־צ אויף קע ־שטאַר
און רן ־הע, רן ־הע דן ־זיי דעם שק ־ ־ ח

־צו ווילד האט רויס וואס שטעט צע־שטאל נע־שיי דער־וואונ
סן ־ גי ־ ־ פאר ביי־דער ס׳רוב

1. 2. *rit.*

רן־טרע...... דער ־קינ נע ־ריי פון שטערט.

# רב עוזר

מיט אונדז אין שכנות האָט געוואוינט
דער אַלטעטשקער רב עוזר.
אַ גאָלדשמיד איז דער ייד געווען,
אַ שניצער און אַ גלעזער.

זיין דירהלע גאָר ענג און קליין,
צוויי שטיבעלעך — אַ געניץ;
נאָר מלא־טעם און מלא־חן,
מיט שפע אָן אַ גרעניץ. —

פלעג איך ביי דעם שכן זיצן,
פאַרברענגען שטיל אין שווייגן;
באַוואונדערן זיין מאָלן, שניצן,
ביימער, פירות, צווייגן.

לייבן, הערשן, טערקלטויבן,
לוחות און מנורות;
שמידן כתרים און רמונים
פאַר נייע ספרי־תורות.

און נאָך אַנטיקן, פראַכטיק שיין,
אין פורעם, פאַרב און מין. —
אַ ייד אַ סוד איז דאָס געווען,
רב עוזר פון טיטשין . . .

ער איז שוין לאַנג אויף יענער וועלט,
אין ליכטיקן גן־עדן;
שלאָפט דאָרט אויף דעם קברים־פעלד
אין שכינות מיט מיין זיידן . . .

# טעג אין נויט

טעג אין נויט געלעבטע,
פענצטערלעך פאַרקלעפּטע,
אָפּגעהאַקט פון ליכט און שיין:
יוגנט מיין . . .

עופּהלעך אין זעק גענאַרטע,
פייגעלעך אין שטייג פאַרשפּאַרטע,
אין ענגעניש און צוואַנג,
יאָרן־לאַנג . . .

# די פעלדער אין דער היים

כ׳האָב די פעלדער אין דער היים,
געזען נאָר פון דער ווייטן;
לאַנגע שורות זאַפטיק ליים,
און פרישע, גרינע בייטן.

פלעג איך בענקען דאָרט אַהין,
ווי ס׳בענקט אַהיים אַ קינד;
נאָר די שקצים אויף די וועגן
פלעגן אָנרייצן די הינט. —

# יידן אין קרעמלעך

ווייט אַרום די פעלדער־וועלדער,
ליגן לאַנג שוין טיף אין שלאָף.
נאָר די יידן אין די קרעמלעך,
זיצן ווי פון גאָט אַ שטראָף . . .

וואָכן וואַרטן אויף אַ קונה,
האָפן חצות נאָך אויף אַ נס . . .
דוכט זיך יעדע קראָם אַ קבר,
יעדער קרעמער דאָרט אַ מת.

# פאַר די בענטשליכט

מיין טייערן קוזין, פיליפ
אייזיקס, אין ליבשאפט

פאַר די בענטשליכט שטייט די מאַמע,
אַ טאָכטער פון צדיקים,
אצילותדיק און ציכטיק
ווי אַ חסידישע כלה;
ווי דער לחם־הפּנים
אויף דעם שולחן אין בית־המקדש,
ליגט אויף דעם שבתדיקן טיש,
די הייליקע חלה.

דער טאַטע קומט אַהיים פון שול
ווי א נשיא בישראל,
פול חדווה און דבקות
קלינגען זיינע זמירות.
די פליגל פון נגינה
טראָגן אונדז וואָס העכער,
ברענגען אונדז אַלץ נענטער
צו די עשר ספירות.

# פאַר די בענטשליכט

ווערטער פון אליעזר שינדלער

מוזיק פון יהושע וויסער

מיט רעליגיעזן געפיל

*p*

פאַר די בענטש-ליכט שטייט די מע-מאַ אַ טער-טאָג פון צַ-

די-קים אַ - צי-לות-דיק און ציב - - טיק

ווי אַ חֲ-סי-די-שע כַּ-לה. ווי דער לֶ-חם הַ-

פָּ- נים אויף דעם שול-חָן אין בית הַ-מִק-דָש

ליגט אויף דעם שַ-בָּת-די קן-טיש ............ די הַיי-לי-קע חַ- - - -

לה. *p* דער טאַ-טע קומט אַ-היים פון שול

ווי אַ בָּ-שאַ-בְּ-שְׁ-יִ-רָ-אֵל, פול חֶ-דוָה און דְבֵ- - קות

קלינ-גען זיי - נע - זְ - מי - רות. *mf* די פּלי-גל פון גְ - גי - נָה

טראָ-גן אונדז וואס הע-כער הע-כער ברענ-גען אונדז אַלץ נע-נע-טער

*p* פאַר די בענטש-ליכט ... רות - ספי - רע - ש ... די צוּ

די שטייט די מע-מאַ אַ טער-טאָג פון ...... צַ - - די-קים אַ

*rit.*

צי-לות-דיק און ציב - - טיק ווי אַ חֲ-סי-די-שע כַּ-לה.

# קראָקע

שטיל פאַרחלומט גאַס און מאַרק,
מזרחדיק פאַרבענקטע מענטשן.
גויאיש גלאָצט דאָס שלאָס פון באַרג —
שבת־ליכטלעך, מאַמעס בענטשן.

שטראַלט דאָ גלאַנץ פון דורי־דורות,
אומעט שוועבט אויף טייך און קברים,
שפע גיסט זיך פון צנורות:
עברי־קלאַנגען פון חדרים . . .

אַגדות, מימרות פון נסתרים,
פון צדיקים, פון רבנים,
שיין דערציילן, ווי פון ספרים,
אַלטע יידישע בנינים . . .

תר״צ

# אין דער בלוט־מהומה

געווען דאָ אַ דערפל, אַ ישוב,
די הייזער צושאָסן, צושטערט,
פענצטער, חפצים און טירן,
צוואוואָרפן, צושפרייט אויף דער ערד.

זעלנער זיך יאָגן ווי שאָטנס
ווילד צווישן גריבער און קברים;
און ס׳קלויבט אַ ייד אין דעם פייער,
שימות פון הייליקע ספרים . . .

דוקלע־פאס, ווינטער, 1915

# אַלטע שול

מיין ברודער אַלכסנדר־
משה, אין געטריישאַפט

אַלטע שול אין דער היים —
די זיידעס האָבן ליים געפירט
פאַר דיינע ווענט,
בעליקעס פאַרן דאַך
און דעמבענע ברעטער
פאַר דיינע שטענדערס
און טישן. —

און די אייניקלעך
וואָס האָבן זיך געשפּילט
אַרום דיר אין קינדערשער פרייד,
זענען היינט צושפּרייט
אין אַלע ווינקלען
פון דער וועלט
און נישעס . . .

# אַ ניגון

כ׳ווייס א ניגון מיר אַ שטילן,
פול מיט בענקעניש, מיט אומעט;
און ווען איינזאַם ווערט אַרומעט
אין דער עלנט נעמט זיך פילן —

זינג איך אים פאַר מיינעטוועגן
ערגיץ וואו אויף סטעזשקעס, שטעגן,
וואו ס׳זאָל קיינער מיך ניט שטערן,
ס׳זאָל קיין זר מיך דאָרט ניט הערן.

# אַ ניגון

מוזיק פון יהושע ווייסער

ווערטער פון אליעזר שינדלער

מיט דבקות

*p*

כ'ווייס אַ ני-גון מיר אַ שטי-לן,

פול מיט בענ-קע-ניש, מיט או-מעט און ווען אײַנ-זאַם

ווערט אַ - רו - מעט און דער - ע - לנט

נעמט זיך פי - לן..., זינג איך אים פאַר מיי - נעט - ווע - גן,

ערגיץ וואו אויף סטעזש-קעס שטע-גן, וואו ס'זאָל קיי-נער

*rit. dim.*

מיר ניט שטע - רן, ס'זאל קיין זר ניט דאָרט מיך הע - רן.

# היימלאַנד

איבער הימלען וואָלקנס שוועבן,
איבער פלוינען הוליעט ווינט,
איבער לאָנקעס איינזאַם וואָגלט
ערגיצוואו מיין מאַמעס קינד.

איבער גאַסן טאַנצן בלעטער,
איבערביימער פייגל שרייען —
און מיין היימלאַנד איבער בערגער,
ליגט דאָרט אין אַ טאָל אַ פרייען.

פון ה. העסע

# היימלאנד

וערטער פון אליעזר שינדלער

מוזיק פון יהושע וויסער


















# ווייט פון ישוב

ווייט פון ישוב שטייט אַ הייזל,
שטיל, באַשיידן אויפגעבויט;
פאַר די פענצטער וואַקסן בלימלעך,
קריגלעך הענגען אויפן פּלויט.

קינדער קוקן דורך די שויבן
ווי די פייגעלעך געטריי,
ווינקען האַרציק מיט די הענטלעך
ווען ס׳פאָרט עמיץ ווער פאַרביי.

# דער אַלפּן־פּאַסטעך

פאַרברענגט דאָרט אויבן איינזאַם און אַליין,
ווי אַ טייל פון די פעלדזן, אַ שטיק פון געשטיין.

געזעטיקט מיט ליכט, מיט גאָלד פון באַגינען,
טרינקט ער פון ריטשקעס, וואָס זינגענדיק רינען.

רוט אין דער נאַכט, ווי אַ שלאַנג אין אַ שפּאַלט,
צופוסנס אַ מלכות — דאָס טאָל און דער וואַלד. —

# עס זענען טעג פאַראַנען . . .

עס זענען טעג פאַראַנען נודנע גראָע,
וואָס האָבן אויף דיין זעל קיין שום השפעה;

אַלץ איינס זיי גייען פאַר דיין אויג פאַריבער,
ווי ס׳קריכן שרצים איבער פוסטע גריבער.

עס זענען טעג פאַראַנען נודנע, גראָע,
וואָס ניט צו גוטס און ניט צו שלעכטס זען ראוי,

רייצן ניט צום לעבן, נויטן ניט צום שטאַרבן,
אַזוינע ליקן זענען דאָס, אָן ליכט, אָן פאַרבן . . .

און קומען אָט די טעג די נודנע, גראָע,
זוכסטו קיין עצה ניט, קיין שום המצאה,

ווייסט ניט, צו איז דיין וועג דיר גרינג צו שווער,
צו בענקסטו נאָך געלעכטער דאַן, צו נאָך אַ טרער.

# פארבנשפיל

אין מיין פשוט קליינעם צימער
זעלטן בליקט די זון אַריין; —
רובינגלעזער, אַלטערטימער,
כאַפּן אויף דעם זילבערשיין.

וואַרפן בינטלעך בונטע פעדעם
אויף די בלאַסע וואַנט־טאַפּעטן,
דוכט זיך — קליינע פלינקע שדים
פויזן אויף די טיר־שטאַכעטן. —

רוקט זיך אָפּ די זון פון צימער,
ענדיקט זיך דאָס פאַרבנשפּיל,
בלייבט אין שאַנק אַ צאַרטער שימער
פון די חפצימס חן און סטיל...

# אַ ביימעלע

אַ ווינקל ביים פּאַרקאַן, אַ שאָטנדיק אָרט,
צובליט זיך אין פרילינג אַ ביימעלע דאָרט.

די קווייטעלעך געלע, די בלעטעלעך גרין,
אַן אָרעם, פאראייִנזאמטער, עלנטער מין.

צי זעט עס דען אימיץ? צי ווייסט ווער דערפון?
עס גלעט דאָס דאָך זעלטן אפילו די זון!

נאָר קינדערלעך בלאָסע פון ערגיץ אַ הויף,
קומען דאָ טיילמאָל בסוד זיך צונויף. —

טרוימען און וועבן אין שטילקייט אַ וועלט —
דאָס ביימעלע פרייט זיך, קוויקט זיך און קוועלט. —

# א ביימעלע

מוזיק פון יהושע ווייסער — ווערטער פון אליעזר שינדלער

פאמעלעך

*mf*

אַ ווינ-קל ביים פאַר-קאָן, א שאָ-טן דיק אָרט, צע

בליט זיך אין פרי-לינג אַ ביי-מע-לע דאָרט.... די

קווי-טע-לעך גע-לע, די בלע-טע-לעך גרינ̇ן אַן

אַ-רעם פאַר-איינ-זאמ-טער עֶ-לנ-טער מין.... צי

זעט עס דען ע-מיץ? צי ווייסט ווער דער-פון? עס

גלעט דאָס דאָך זעל-טן אַ - פי - לו די זונ! נאַר

קינ-דער-לעך בלאָ-סע פון ער-געץ א הויף קו̇-מען דאָ טײ̇ל-מאל בּ-

אין ווע-בן און טרוי-מן ....צו-נויף זיך סוד

rit.

.שטיל-קייט א וועלט..דאָס ביי-מע-לע פרייט זיך קוויקט זיך און קוועלט

# אלול

קומט דער אלול שאַרף און שטרענג
מיט זיין שופר־קלאַנג;
און ער וואָרנט: מענטש געדענק,
דער וועג איז גאָר נישט לאַנג!...

מענטש באַרעכן זיך און טראַכט,
אַז באַלד וועט זיין די שעה,
און דער שפּיגל וועט דיר ווייזן,
אז דיין קאָפּ איז גראָ...

אַז די אויגן זענען טריבע,
מידע שוואַך און אַלט —
קומט דער אלול און ער פרעגט:
„ווייסטו וואו מען האַלט?"

„צו ווייסטו אַז געוואויגן ווערט,
אויף אַ שטרענגער וואָג"!,
הער דער שופר ווי ער וואָרנט:
ס'דערנענטערט זיך דער טאָג!...

# אֶלול

מוזיק פון יהושע וויסער    ווערטער פון אליעזר שינדלער

לאנגזאם, טרויעריג

*mf*

שטרענג און שאַרף לול-אֶ דער קומט
בע-טרי נען-זע גן-אוי די אַז

: רנט-וואָ ער און ; קלאנג פּר-שו זיין מיט
לול-אֶ דער קומט ....אַלט און שוואַך דע-מי

נישט-גאר איז וועג דער דענק-גע מענטש
מען וואו טו-ווייס" : פרעגט ער און

אַז, טראכט און זיך כן-רע-בא מענטש ...לאַנג
ווערט גן-וואוי-גע אַז טו-ווייס צו"!? "האַלט

געל-שפּי דער און, עה-שָ די זיין וועט באַלד
פּר-שו דעם הער ? " וואָג גער-שטרענ א אויף

1.

איז קאפּ דיין אַז, זן-ווי דיר וועט
: רנט-וואָ ער ווי

2. *morendo*

גרא.... "עס דער-נענ-טערט דיך דער טאג."

# תשרי

בלעטער פאַלן
פון דיביימער,
מענטשן וואַנדלען
ווי די טרוימער.

טראַכטן יעדער
שטיל פאַר זיך . . .
טעג אַנטלויפן
אין דער גיך . . .

# תשרי

מוזיק פון יהושע ווייסער

ווערטער פון אליעזר שינדלער

פאמעלעך

*mf*

לען-וואנד שן-מענט מער-ביי די פון לן-פאַ טער-בלעָ

....זיך פאר שטיל דער - יע טן -טראכ מער-טרוי די ווי

1.

2.

....גיך דער אין גיך דער אין פן - לוי - אנט טעג

# סוף־חודש

שווער און סומנע
שווייגט די נאַכט.
וואָלקן רייטן
פון אַ שלאַכט.

ערגיץ ווייט
אין שטילע ספערן,
לייכטן הימלען
פול מיט שטערן.

# סוף חודש

מוזיק פון יהושע ווייסער
ווערטער פון אליעזר שינדלער

פארחלומ׳ט

*p*

טן-ריי קנס-וואל .נאכט די ליגט זאמ-איינ און שווער

,רן-ספע לע-שטי אין ווייט געץ-ער....שלאכט א פון

1. ....רן-שטע מיט פול לען-הימ טן-לויכ

2. *rit.* .....רן-שטע מיט פול

# חשון

װעלקן בלעטער
דארן צװייגן . . .
פּוסטע קשאַקעס
סומנע שװייגן.

שטילע דערפער
ערגיץ דרימלען,
איינזאַם אונטער
אָסיען־הימלען . . .

# חשון

ווערטער פון אליעזר שינדלער

מוזיק פון יהושע ווייסער

פאמעלעך

*mf*

....גן - צווייַ רע - דאַ ,טער - בלע קן - וועל

פעָר - דער לע - שטי .גן - שוויי נע - סומ קעס - קשאַ טע - פוס

טער - אונ זאַם - איינ ,לען - דרימ געץ - ער

פער - דער לע - שטי ....לען - הימ יען - אָס

....לען - הימ יען - אָס טער - אונ זאַם - איינ ,לען - דרימ געץ - ער

# חצות

ווינטן וואָיען שפּעט באַנאַכט.
עמיץ באַנאַ חולה וואַכט.
ליינט אים אומעטיק אַפּיר :
„ויסב פּניו אל הקיר".

# ס׳בענקען די ווערבעס

ס׳בענקען די ווערבעס
נאָך טייכלעך געבענטשטע,
נאָך פישלעך מיט גאָלדענע רוקנס.

נאָך פאָרלעך וואָס קומען
בסוד זיך צונויף,
שוועבן אויף שטאַפלען
געפלאָכטן פון גאָלד
און וויינען ווי קינדער פאַר פרייד. —

ס׳בענקען די ווערבעס
נאָך שטילע פאַרנאַכטן
וואָס גלעטן די זאַנגען
און קוויקן די וואָגלערס
וואָס ליגן פאַרמאַטערט,
מיט טרוקענע גומענס,
אין שטויביקע מעזשעס
ביים וועג. —

נאָך בלאָע פאַרטאָגן,
נאָך ליכטיקע טויען,
וואָס בלישטשען אויף בלעטלעך,
און טריפן ווי באַלזאַם,
און פאַלן אויף גראָזן,
ווי טרערן פון מאַמעס,
אויף זיידענע קינדערשע קעפּלעך . . .

# מיר וואָגלען

מיר וואָגלען אין נעפּל
אין רעגן און ווינט,
אויף לאַנקעס צעשפּרייטע
ווי בלאָנדזשענדע הינט.

מיר זוכן קיין דאַך ניט,
קיין מקלט, קיין וועג,
מיר וואָגלען ווי איינזאַם
אין אָסיען די טעג.

# די פרילינג־זון

מיינע טייערע פריינט, דזשאק, מילי און
בלאָסאָם קאָסטער

פעלד און וואַלד, דער פלוין, דער סאָד,
גרינט און שפּראָצט און בליט,
און די זון, איר שטראַלן־ראָד
פּלייצט מיט גאָלד און גליט.

וואַרפט איר ליכט אויף בוים און בייט
וואַרעמט צווייג און גראָז,
און פאַרשפּרייט אי גליק, אי פרייד,
אוצרות אָן אַ מאָס — — —

# ניסן

אַ וואַסערל, געוואַקסן העכער
איבער גרינע פרילינגברעגן,
טראָגט עס מיט זיך ריטלעך, צווייגן,
גיך אין ווייטע פרעמדע וועגן.

טרעפט עס דאָרטן שטילע שטעטלעך,
אַלטע, גראָע, פוסטע מילן . . .
זעט, פון דערפער קומען קינדער,
זיך מיט שיפעלעך צו שפילן . . .

# ביסן

מוזיק פון יהושע ווייסער　　　ווערטער פון אליעזר שינדלער

ריטמיש

mf

כער-הע סן-וואק - גע רל-סע-וואַ א

זיך מיט עס טראגט, גן -ברע ליבג-פרי גע -גרי בער-אי

.גן-ווע דע-פרעמ טע-וויַ אין גיך, גן-צוויי,לעד-ריט

ע -גרוי, טע-אַל -,לעד-שטעט לע-שטי טן-דאָר עס טרעפט

פער-דער פון זעט ...לן-מי טע -פוס

...לן-שפי צו לעד-פע-שי מיט זיך דער-קינ מען-קו

# תמוז

פון דער גרויסער שטאָט,
פון צעמענט און שטיין,
בענקט זיך נאָך אַ סאָד,
נאָך אַ גרינעם פליין.

בענקט זיך נאָך אַ שטאַל,
נאָך אַ בוים וואָס בליט;
נאָך אַ פרישן קוואַל,
וואָס דערקוויקט און קילט . . .

# תמוז

מוזיק פון יהושע ווייסער — ווערטער פון אליעזר שינדלער












# חצות

נעפּלען וועבן זילבער־חופּות
אין דער שעה פון חצות ;
וואַנדערפייגל דרימלען מידע
אויף אַ חרוב שלאָס . . .

סטאַדעס ליגן אויף אַ לאָנקע,
אומעטיקע שטילע . . .
אַ מקובל גייט צום טייך,
זיך טובלען פאַר דער תפילה.

# חצות

ווערטער פון אליעזר שינדלער — מוזיק פון יעקב וויינגארטן הי״ד

פאמעלעך (מיסטיש)

עה - שָׁ דער אין פות - חו בער - זיל בן - ווע לען - נעפ

דע - מי לען - דרימ גל - פיי דער - וואנ צות - חַ פון

גל - פיי דער - וואַנ שלאס רוֹב - חָ אַ ...... אויף

שלאס רוב - חָ אַ .......... אויף דע - מי לען - דרימ.

# צאת־הכוכבים

שפּעט אין וועג,
אַליין און מיד;
אַ פֿויגל זינגט
אַ שקיעה־ליד.

פֿון הימלען ווייט,
אין טיפֿן בלאָ,
אַ שטערן בענטשט
די זילבער־שעה...

# איבער בלאָע פלוינען

פול תמימות די לבנה וואַכט,
שוועבט איבער בלאָע פלוינען;
זילבערטביימער־קרוינען —
אין דער שטילקייט פון דער נאַכט.

זאַלבט מיט איר ריינעם האָרן,
וואָגלערס אויף די שטראָזן,
רויזן־קשאַקעס און גראָזן —
און סטויגן מיט ווייץ און קאָרן.

# שקיעה

אין אייגענעם גאָלד די זון פאַרגייט,
הימלען זענען צנועהדיק זיך טובל.

לבנהס שיפל שטייט אין באָרטן גרייט,
מזלות און שטערן קומען צונא יובל.

# חנוכה

אין די קליינע בידנע שטיבלעך,
לעבן אומעטיקע שויבן,
ברענען ליכטלעך היימיש־ליבלעך,
ריינע ווי די ווייסע טויבן . . .

לויכטן יידישלעך באַשיידן,
יעדעס פלעמל, יעדע קנויט;
זיי דערמאָנען אַלטע פריידן,
וועקן האָפנונג אין דער נויט . . .

# חנוכה

מוזיק פון יהושע ווייסער | ווערטער פון אליעזר שינדלער

לאנגזאם ריטמיש

*mf*

לעך-שטיב נע-ביד נע-קלײ די אין,

לעך-ליכט נען-ברע, בן-שוי קע-טי-מע-או בן-לעֶ

...בן-טוי סע - ווייז די ווי נע-רײַ, לעך-ליב מיש-היי

דן-שײ-בא לעך - - דיש-ײַ טן-לויכ,

נען-מאַ-דעֶר זײַ; קנויט דע-יע מל-פלע דעס-יע

*rit.*

...נויט דער אין נונג-האפ קן-ווע, דן-פרײַ טע-אַל

# די מנורה

די קנויטן אין די אַלטע רערן,
געוויקט אין יידיש בלוט און טרערן.
זיי וועלן ווייטער ליכט פֿאַרשפּרייטן,
אויף אַלע וועגן אונדז באַגלייטן;

און אונדז דערהייבן און דערפרייען,
און גלאַנץ פאַר גאָרער וועלט פאַרזייען,
געלייטערט ליכט פאַר דורי־דורות,
דאָס ליכט פון יידישע מנורות...

# די מנורה

מוזיק פון יהושע ווייסער | ווערטער פון אליעזר שינדלער

פאמעלעך, הארציק

*mf*

די קנוי-טן אין די אַל-טע רע-רן, גע-

ווייַקט אין יִ-דיש בלוט און טרע-רן, זיי ווע-לן וויי-טער

ליכט פאַר-שפריי-טן, אויף וויי-טע ווע-גן אונדז באַ-גליי-טן; -

און אונדז דער-הײ-בן און דער-פריי-ען אין

גלאַנץ פאַר גאָ-רער וועלט פאַר-זיי-ען גע-ליי-טערט ליכט פאַר

*rit. dim.*

דו-רֵי דו-רות דאָס ליכט פון יִ-די-שע מְ-נו-רות...

# חנוכה־ליכט

די ליכטעלעך דערמאָנען אונדז,
די פרומע חשמונאים;
ווי זיי האָבן זיך געווערט
אַנטקייגן די רשעים.

די ליכטעלעך דערמאָנען אונדז
מכבים שאַרפע שווערד,
וואָס האָט פאַרטריבן די יוונים,
זייער מאַכט צושטערט.

די ליכטעלעך דערמאָנען אונדז,
גרויסע תחיה־טעג,
די ליכטעלעך זיי ווייזן אונדז
דעם נצחדיקן וועג.

# חנוכה - ליכט

מוזיק פון יהושע ווייסער — ווערטער פון אליעזר שינדלער

מעסיג, מיט וואַרעמקייט

*mf*

די ליכ-טע-לעך דער-מאַ-נען אונדז, די
פרו-מע חש-מו-נ-אים; ווי זיי הא-בן
זיך גע-ווערט אַנט-קיי-גן די רְ-שָ-עים. די
ליכ-טע-לעך דער-מאַ-נען אונדז מַ-כַּ-בִּיס
שאַר-פע שווערד, וואָס האָט פאַר-טרי-בן די יְ-וָו-נים,
זיי-ער מאַכט צו-שטערט. די ליכ-טע-לעך דער-מא-נען אונדז,
גרוי-סע חְ-תְּ-יָה טעג די ליכ-טע-לעך זײַ
ווי-זן אונדז דעם נֶ-צַח-די-קן וועג.

# חשמונאים־פייער

ליכטלעך צינדן זאָלט איר יידן,
ווי פאַר אייך די אַלע דורות.
זאָל דאָס חשמונאים־פייער,
לייכטן קלאָר פון די מנורות.

און די פינצטערניש פון גלות,
מיט דעם ליכט זאָלט איר פאַריאָגן;
און די אַלטע תורה־פאָנען,
ווי גבורים ווייטער טראָגן.

# חשמונאים פייער

מוזיק פון יהושע ווייסער — ווערטער פון אליעזר שינדלער

ריטמיש, מיט פרומען ערנסט


















# ריינע פלאַמען

לויטער זענט איר ריינע פלאַמען,
ליכטיק אייער שיין.
אין אייער גלאַנץ, פאַרגעסן מיר:
דעם גלות און די פּיין.

יידיש זענט איר שטילע פלאַמען,
הייליק, פרום און שטאַרק —
שיינען זאָלט איר, באַלד און גיך,
אויף מוריה׳ס באַרג!

# ריינע פלאמען

ווערטער פון אליעזר שינדלער — מוזיק פון יהושע ווייסער

מיטל מעסיג

*mf*

ער - אַיי טיק-ליך ,מון - פְלאַ נע-רייַ איר זענט טער-לוי

דעם : מיר סן - גע - פאר גְלאַנץ ער - אַיי אין ,. שיין

איר זענט דיש - יי . פיין די און לות - ג

,שטאַרק און פרום ליג - היי ,מען - פלאַ לע - שטי

*rit.*

!..באַרג יה'ס - ר - מו אויף גיד און באלד איר זאלט גען - שיי

# אַ ים מיט פלעמלעך

אַ שפּע ליכט האָט זיך צוגאָסן,
א ים מיט פלעמלעך, שיינען ברענען,
איבער לענדער און מדינות —
אומעטום וואו יידן זענען . . .

ליכט פון סנה און ליכט פון סיני,
פונקען פון באַשעפערס קרוינען;
גלאַנצן לויטער, לייכטן הייליק —
אומעטום וואו יידן וואוינען . . .

# אַ ים מיט פלעמלעך

מוזיק פון יהושע ווייסער — ווערטער פון אליעזר שינדלער

פאמעלעך מיט התלהבות

*mf*

אַ ,סן-גאָ צו זיך האָט ליכט פֶּע-שֶׁ אַ

דעֶר-לעֶנ בער-אי ,נען-בְרעֶ ,נען-שײַ ,לעך-פלעמ מיט יַם

...נען-זע דן-יי וואו טום-מעֶ-או נות-די-מְ און

, נַי-סְ פון ליכט און סְנֶה פון ליכט

,טער-לוי צְן-גְלאַנְ ; נען-קרוי פערס-שע-באַ פון קען-פונ

אַ ...נען-וואו דן-יי וואו טום-מְע-או ליק-הֵיי טן-לייכ

א ,סן-גאָ-צו זיך האָט ליכט פֶּע-שֶׁ

דער-לענ בעֶר-אִי ,נעֶן-בְּרעֶ ,נען-שיי לעך-פלעמ מיט ים

*rit. dim.*

....נען-זע דען-יי וואו טום-מע-או בות-די-מְ און

# ישראל שטייט פאַר דער מנורה

בלאָזן זאָל דער ווינט מיט מורא,
שרעקן מיט זיין ווילדער מאַכט;
ישראל שטייט פאַר דער מנורה,
דינט זיין גאָט מיט פרייד און פראַכט.

ווי אַ כהן אַ געטרייער,
צינדט ער אָן די ליכטלעך אכט;
הייליק ברענט דאָס יידיש פייער,
אין דער לאַנגער גלות־נאַכט.

# ליכטעלעך

איר זעט די ליכטעלעך וואָס לייכטן אין דער נאַכט,
זיי זענען אונדזער פרייד, זיי זענען אונזער טרייסט;
און זיי דערמאָנען אונדז: ניט מיט חיל, ניט מיט מאַכט,
וועט אונדזער וועלט דערהויבן ווערן, נאָר מיט גייסט. —

איר זעט די ליכטעלעך וואָס לייכטן שטיל באַזאַכט,
זיי זינגען אונדזער ליבּ, זיי זינגען אונדזער ליד . . .
און זייער שכינה־גלאַנץ ווערט קיינמאָל אָפּגעשוואַכט,
ווייל הייליק זענען זיי און אייביק ווי דער ייד . . .

# קירגיזנסטעפּ

דאָרכגעמאָסטן דיינע וועגן,
דיינע סטעזשקעס, דיינע שטעגן,

פון אוראַל ביז כספּי־ים,
געוואַנדרעוועט פון שטאָם צו שטאַם. —

נעכט ביי שטרוינעם פייער־פלאַקער,
טריי געפּילנעוועט דיין אַקער;

אויף דיין קעמל שטאָלץ געריטן,
דיין גערעטעניש געשניטן. —

אין דיינע שטובן און געצעלטן
אָפט געהערט דיין זינגען, שעלטן;

כ׳קען דיין כעס און דיין געלעכטער,
דיינע זין און דיינע טעכטער. —

# קירגיזנסטעפּ

מחיק פון יהושע ווייסער — ווערטער פון אליעזר שינדלער

פאמעלעך פארחלומ'ט, ריטמיש

*mf*

,קעס-סטעזש נע-דיי ,גן-ווע נע - דיי טן-מאָס-גע-דורכ

-גע יַם = פּי-כּאַס ביז ראַל-אוּ פון ,גן-שטע נע-דיי

נעם-שטרוי בײַ נעכט ,.שְטאַם צוּ שטאַם פון ווער-רע-וואַנד

;קער-א דײַן וועט - נע-פיל-גע טְרײַ קער-פלאַ ער - פּײַ

-טע-רֶע-גע דײַן ,טן-רי - גע שטאלץ מל-קע דײַן אויף

טן - צעל-גע און בן-שטוּ נע-דיי אין ,.טן-ני-געש ניש

און כּעס דיין כ'קען ;טן-שעל ,גען-זיב דײַן הערט-גע אָפּט

*rit. e morendo*

..טער-טעכ בע-דיי און זין נע-דיי ,טער-לעב-גע דיון

# ביים יאַראָסלאַו

שעהן לאַנג ווי ווילט זיך ליגן,
ביי דיין גרינעם ברעג און טרוימען.
צוזען ווי זיך הוידען, וויגן,
דיינע כוואַליעס, ווי זיי שוימען.

שפריצן טראָפּנס פרישע, קילע,
אין דעם דושנעם, פאַרנעם אַוויר.
בעטסט די ברעגעס שטיל מחילה,
גלעטסט זיי ווי אַן אַלטן חבר.

ווי אַ בעטלער טוסט זיך שלעפּן,
מיט אַ מאָדנעם אומעט־כישוף;
איינזאַמדיק ווי דיינע סטעפּן,
ווי די סטעזשקעס ווייט פון ישוב . . .

# פֿאַרנאַכט אין סטעפּ

ס׳ווערן די סטעפּעס פֿאַרנאַכט איבערקערט,
ווי ס׳וואָלט זיך געענדערט דער הימל אויף דר׳ערד.

ווי אויבן די מחנות גינגאָלדענע שטערן,
אין סטעפּ זיך די שטרויענע פֿייערלעך מערן.

סע קאָכט זיך דער פֿויער — דער פֿאַסטעך זיין עסן,
דערציילנדיק מעשהלעך לאַנג שוין פֿאַרגעסן —

פֿון קריגן, גזלנים, מחלוקות, משפּטים . . .
פֿאַר פּחד בלייבט שטיל אַזש ביי יעדן דער אָטים . . .

דער עולם בעט ווייטער און ווייטער דערציילן :
פֿון אַלטע זכרונות, פֿאַרבאָרגענע היילן,

פֿון יאָרן געבענטשטע פֿון צייטן גאָר שלעכטע,
פֿון סעקטעס, גלחים און צאַרן גערעכטע . . .

# דער פויער

פון לעצטן ביז צום ערשטן שניי
באַהעפט אינגאַנצן מיט זיין ערד,
זשיוויעט זיך פון ברויט און טיי,
און אַרבעט שווער ווי זיינע פערד . . .

טרייבן קעלטן ווילד אַהיים,
אַ היים — פון שטרוי און ליים . . .
איז ער אַרום זיין פי אַלץ גייט,
פון סאַמע פרי ביז גאָרער שפעט...

אַ מידער אויף די אויוון-שטיינער
וואַרעמט ער די דאַרע ביינער.
פון נביאים פון פסאַלטיר,
עמיץ לייענט אין שטוב אַפיר . . .

יעדעס וואָרט ביי אים אַ סוד . . .
—אינדרויסן וואָיעט בייז דער ווינט—
„...אייביק שטאַרק און גרויס איז גאָט,
און יעדער מענטש איז זיינס אַ קינד“...

# דער פריער

מוזיק פון יהושע ווייסער

ווערטער פון אליעזר שינדלער

מעסיג באַוועגליך


















# דער באַשטאַן

פאָרט אַהיים דער גוי פון באַשטאַן,
שפּרינגט זיין יונגוואַרג אים אַקייגן:
„פאָטער זאָג, וואָס ברענגט דער קאַשטאַן?“
איז דאָס ערשטע, וואָס זיי פרעגן. —

עפנט ברייטלעך זיך דער טויער,
בלייבט די פור אין מיטן הויף.
לאַנגזאַם קריכט אַראָפּ דער פויער,
קינדער דראַפּן זיך אַרויף...

גראַבלען, ראָיען טיף אין שטרוי,
טראָגט אין הויף זיך שטויב, מיעקינע.
חברה שלעפּט אַפּיר אַזוי,
דאָ מעלאָנען, דאָרט אַ דיניע. —

# אַכסניה אין סטעפּ

אין אַכסניה רויכיק־טונקל
קאָפּטשען גראָלעך נאַפּטלאַמטערן,
פול געשטאָפּט אין יעדן ווינקל —
מענטשן זיפּצן, טראַכטן, קלערן . . .

שאָקלט, בוקט זיך אַ כאכאָל,
שעפּטשעט זיך זיין „אונדזער פאָטער״,
לעבן אים — אַ מאָדנער קול —
ס׳דאַוונט ווילד אַ יונגער טאָטער.

אַרום טיש ביים אויוון דאָרטן,
זיצן עסטן ווי די ריזן,
שאַכקענען פאַרקאָכט אין קאָרטן,
מיט די פאַסטעכער־קירגיזן. —

ציגיינער שטופּן זיך און דריקן,
שטעלן אָפּ זיך וואו און האָרכן.
אויף דער הוילער בריק קאַלמיקן,
ליגן זיך צעשפּרייט און שנאָרכן. —

רוסן האַלטן גראָד ביים עסן,
שאָקלען מיט די בערד ווי ציגן,
דייטשן, גרעקן און טשערקעסן,
אַמפּערן זיך, ווערטלען, קריגן.

טיי אַ סאַמאָוור א פרישן,
וואָבלעס, טשייניקעס און גלעזער,
מאָנען שרייענדיק לאַטישן,
קורדן, סאַרטן און כינעזער. —

איינגעהויקערט אַ מאָרדווין,
דרעמלט ביי זיין קאַטערינקע,
אין גורל־קעסטל הער און הין
לויפן מייזעלעך גאָר פלינקע. —

# קירגיזן־הויף

אַ זעמליאַנקע פון ליים און קיזעקעס,
באַנאַ סאַזשלקע —
און ווייט אַרום קיין שכן,
חוץ אַן אַלטער סקירדע שטרוי —
און אויבן — אַ הימל אַזוי לויטער און בלוי,
אָן אַ פּגם און אָן אַ כמאַרע —
צווישן אַסטראַכאַן — סאַמאַרע — — —

# אָוונט־ליד

שלאָף מײַן גוטער ליבער מלאך,
זון איז ווייט שוין אַ מהלך.

קופּער־רויטע וואָלקן גליִען,
סטאַדעס פון די פּאַשעס ציִען.

קי און קעלבער, שאָף און ציגן,
פּאַסטעך זינגט זיין אָוונט־ניגון.

מיידלעך שלאַנקע ווי גאַזעלן,
שטיפן פריילעך פאַר די שוועלן.

מאַמעס קומען פון די בייטן,
נעמען גיך די טישן גרייטן.

טאַטעס־זין, פון אַרביט מידע,
זעצן שטיל זיך צו דער סעודה.

נאָך אַ לאַנגען טאָג מלאכה,
שוועבט אין יעדער שטוב אַ ברכה.

ס׳קומט די נאַכט מיט צאַרטע פליגל,
לאַסקעט יעדעס בעט און וויגל.

ברענגט אין שפּעדיקע כלים,
טרייסט פאַר חולים און אַבלים;

באַלזאַם, בשמים צו פאַרצאָגטע,
רו און שלווה פאַר געיאָגטע. —

# סוף־זומער

בלאָע פאַרטאָגן,
גינגאָלדענע טעג.
ווינטלעך צוטראָגן,
די שטויבן פון וועג.

ווייט וואו אַ כאַטע,
אַ שייער, אַ שטאַל.
שעפעלעך זאַטע
געגענען צום קוואַל.

פויערים גייען
פאַמעלעכע טריט.
טראַכטן פון זייען
פון אַקער און שניט . . .

# סוף זומער

מוזיק פון יהושע וויסער — ווערטער פון אליעזר שינדלער

זייער פאמעלעך

*mf*

–.טעג נע-דע-גאָל-גינ גן-טאָ-פאַר ע-בּלאָ

וועג פון בן-שטוי די גן-טרא-צו טלעך-וויב

-גע טע-זא לעך-פּע-שע. שטאל א ער-שיי א ,טע-כאַ אַ וואו ווייט

;טריט כע-לע-מע-פּא ען-גיי רים-ע-פוי. קוואל צום נען-נע

*rit. dim.*

––.שניט און קער-א פון ען-זיי פון טן-טראכ

# הונגער

אין דאָרף איז נויט...
אין דאָרף איז קעלט...
און ס׳קומט אַ שרעק
פון וואַלד און פעלד,
און ס׳גייט דער טויט
פון הויף צו הויף...
און נעמט־צו־ביסלעך
אַלץ צונויף.

# הונגער

מוזיק פון יעקב ווײַנגאַרטן הי"ד

ווערטער פון אליעזר שינדלער















# אָסיען אין סטעפּ

פּערפּל־רויט די זון געפלאַקערט,
גאָלד־באַשאָטן יעדע בייט.
עמיץ האָט ביז שפּעט געאַקערט
מיט אַ שטילער טיפער פרייד.

פּאַסטעכער פון פעלד געגאַנגען,
מיד געטריבן זאַטע שאָף — — —
אומעטיקע סטעפּגעזאַנגען
מנחה־צייט אין חודש־אָב . . .

# אַסיען אין סטעפּ

מוזיק פון יהושע ווייסער — ווערטער פון אליעזר שינדלער

פאמעלעך

*mf*

קערט-פלאַ-גע זון די רויט פל-פער,

בּיז האט מיץ-ע בייט דע-יע טן-שאָ-באַ גאָלד

פרייד פער-טי לער-שטי א מיט, קערט-אַ-גע שפּעט.

*f*

גען-גאַנ-גע פעלד פון כער-טע-פאַס,

קע-טי-מע-או---שאָף טע-זאַ בן-טרי-גע מיד

*rit.* *dim*

....אָב דֶש-חו אין צייט=חָה-מִנְ גען-זאַנ-גע סטעפּ

# צווישן ווינטערדיקע לאָנקעס

צווישן ווינטערדיקע לאָנקעס,
פליצט אַ טייכל מיד און גראָ.
לעבן שיידוועג, אויף אַ צלם,
זיצט אַן אַלטע קראָ...

ביחידות וואַכן ביימער,
סומנעדיקע, שפּל;
פונעם ישוב טראָגט א זקן
מיד, אַ זאַק קאַרטאָפל . . .

# צווישן ווינטערדיקע לאַנקעס

ווערטער פון אליעזר שינדלער — מוזיק פון יהושע ווייסער

מיטלמעסיג

*mf*

קעס - לאַנ קע - די - טער - ווינ שן - צווי

ווענ - שייד בן - לע. גרא און מיד כל - טיי א פלייצט

טע - אל אַן דיצט לֶם - אַ אַ אויף

מער - ביי כן - וואַ דות - חי - י - ב .... קרא

שוב - י נם - פו - ;פל - שֶ, קע - די - מנ - סו

*rit.*

...פל - טאָ - קאַר זאַק א, מיד קן - זָ א טְראָגט

# ווינטן הודזשען

ווינטן הודזשען, פּייפן, ברומען,
כמאַרעס לויפן בייז און גראָ.
ווינטער איז שוין לאַנג געקומען,
נאָר קיין שניי איז נאָך נישטאָ.

קינדער פרעגן, בענקען שטאַרק,
„ווען שוין וועט אַ שניי זיך שיטן?
ווען שוין וועט מען פונעם באַרג
קענען פאָרן מיט אַ שליטן?!"

# דוינטן הודזשען

מוזיק פון יהושע ווייסער — ווערטער פון אליעזר שינדלער


















# דאָס ווייסע מלכות

שליטעלעך פליען פון ישוב צו ישוב,
גלעקעלעך קלינגען באחנטע פול כשוף.

הוליעט דער ווינטער מיט פרייד און געבייזער:
„מיין איז דאָס מלכות און איך בין דער קייזער.

וועל איך מיט כוחות דאָ הערשן און וואַכן,
זייען מיט שנייען, אויף לאָנקעס און שליאַכן.

הייבן די שטויבן, ווי בלעטער אויף שטעגן
באַזילבערן ווערבעס, פאַזע די וועגן.

פרעסט וועלן קומען, סמאַליען און ברענען,
וועלט וועט מיין ווילדע גבורה דערקענען!"

פערדעלעך לויפן און גלעקעלעך קלינגען,
דראָטן אויף סלופּעס, זיי זשומען און זינגען,

דערציילן לעגענדעס פון טאַיגעס אין צפון,
און וואָס אויף געיעגן אַזוינס האָט געטראָפן...

# דאָס ווייסע מלכות

ווערטער פון אליעזר שינדלער — מוזיק פון יהושע ווייסער

ריטמיש, פריילעך

*mf* שוב-ו! צו שוב-ו! פון ען-פלי לעך-טע-שלי,

שופ-כ פול טע-חן-- באַ גען-קלינג לעך-קע-גלע

: זער-בײַ-גע און פֿרייד מיט טער-ווינ דער ליעט-הו.

"זער-קיי דער בין......איך און כות-מל דאָס איז מיין.

אויף,ען-שניי מיט ען-זײַ ,כן-וואַ און שן-הער דא חות-כּו מיט איך ווועל

ווי , בן-שטוי די בן-הייי .כן-שליא און קעס-לאָנ

...גן-ווע די זע-פּאַ ,בעס-ווער רן-בע-זיל-באַ ,גן-שטע אויף טער-בלע

-ג דע-וויל מיין וועטוועלט,נען-ברע און ליען-סמאַ מען-קו לן- ווע פרעסט

,גען-קלינ לעד-קע-גלע און פן-לוי לעד-דע-פער"...! נען-קע-דער רה-בג

פון דעס-געג-לע לן-ציי-דער,גען-זיג און מען-זשו זײַ פּעס-סלו אויף טן-דראַ

...פן-טרא-גע האט זוינס-אַ גן-יע-גע אויף וואס און,פון-צו אין געס-טיי

# דער ווינטער מלך

פאַלן שנייען, וואונדער־בליטן,
פאַלן שמעקנדיק און פריילעך.
אויף אַ ווייסן פערד געריטן,
קומט מיט פרייד דער ווינטער־מלך.

רייט פון ווייטן קאַלטן צפון,
ווי אַ שיינער יונגער גבור;
איבער טייגעס גיך געלאָפן,
איבער טייכן גרינג אַריבער.

שטערן אים דעם וועג געוויזן,
שטיל באַלייט אויף פרעמדע פלוינען;
לאַנג געוועלטיקט צווישן ריזן:
סומנע בערג מיט זילבער־קרוינען...

איצטער קומט ער אין די טאָלן,
ווי אַ זיסער מילדער חלום...
וועט דאָ כישוף — בילדער מאָלן,
וועבן מעשהלעך, משלים...

# דער ווינטער מלך

מוזיק פון יהושע ווייסער

ווערטער פון אליעזר שינדלער




,טן-בלי דער-וואוגן ען - שניי לן - פא

,זן - ווי - גע וועג דעם אים רן - שטע



סן-ווי אַ אויף .לעך - פריי און דיק-קו-שמע לן - פא

טיקט-וועל-גע לאנג ; נען - פליי דע-פרעמ אויף לייט-באַ שטיל



...טער - ווינ דער פרייד מיט קומט ,טן - רי - גע פערד

...בער - זיל מיט בערג נע - סומ ...זן - רי שן - צווי



,פון - צַ טן - קאַל טן - ווי פון רייַט לֶך - מֶ

,לן - טאָ די אין עֶר קומט טער-איצ ...נען-קרוי



געס-טיי בער-אי .בוֹר - גּ גער-יונ נער-שיי אַ ווי

שוף-כּ דאָ וועט ...לום - חָ דער-מיל סער-די אַ ווי



- אַ גרינג בּן - טיי בער - אי פּן - לאָ - גע גיך

,לן - מאָ דער - ביל



.לים - ש - מְ ,לעֶך-שה-מַע בן-ווע .בער - רי

# ווינטער בליטן

אונדזער אומעטיקער וואַלד,
האָט פּלוצים זיך געביטן.
אַלע ביימער יונג און אַלט,
גלאַנצן פול מיט בליטן.

ס׳פאַלן ווייסע שנייעלעך,
ווי שטערנדלעך כסדר,
און די פעלדער צירן זיך
אין יום־טוב׳דיקע קליידער.

# ווינטער

אין די דערפער ווייַנען פליטן,
טיף אין טייגעס ברומען בערן.
איבער פעלדער, מעזשעס, בייטן,
פאַלן נאַסע ווייסע שטערן.

ווינטער קומט, דער ווילדער ריטער,
פרעסט און ווינטן אים באַגלייטן.
ווערבעס בייגען זיך פאַר ציטער,
קלאָגן אײַנזאַם צווישן פלויטן . . .

# קינדער זינגען

קינדער פריילעך זינגען,
קולות יונגע שאַלן.
דימענטן, בריליאַנטן,
פון די וואָלקנס פאַלן.

יונגעטשקע מלאכים,
לאכן דאָרט און שפּילן,
וואַרפן שניי אויף הייזלעך,
שטעלעכלעך און מילן.

גליקלעכע די קינדער
פרייען זיך און טאַנצן,
איינגעהילט אין ווייסן,
אַלעביימער גלאַנצן.

# ווינטער־פרייד

פון די שטיבלעך קומען קינדער,
פרייען זיך און לאַכן.
זעט נאָר, זעט: אַ שניי אַ וואונדער,
לאָמיר מענטשן מאַכן!

איז אַרבעט טאַקע שוין מיט פרייד,
דער ליבער קליינער עולם;
און אָט כהרף־עין שטייט,
אַ גרויסער, ווייסער גולם.

# דאָס שליטל־לידעלע

ברענגט די שליטעלעך פון בוידעם!
זעט, ווי שפּעדיק סע שנייט!
מירן פליען ווי די שדים,
גיכער חברה, מאכט אייך גרייט!

הערט איר ניט דעם ווינט דעם קלעזמער?
פריילעך בלאָזט ער אויף זיין פלייט.
פונעם הויכן באַרג — אַ מזמור —
מירן פאָרן פלינקערהייט!

# דאָס שליטל - לידעלע

מוזיק פון יהושע ווייסער — ווערטער פון אליעזר שינדלער

ריטמיש, פריילעך

-פּע - שע ווי זעט! דעם -בוי פון לעד -טע -שלי די ברענגט *f*

,דים-שע די ווי ען -פלי ן -מיר !שנייט סע דיק

דעם ניט איר הערט! גרייט אייך מאכט רע -הע-בע כער - גי

פלייט זיין אויף ער בלאָזט לעד-פריי ? מער-קלעז דעם ,וויגט

רן -פאָ ן -מיר ,מור-מז א ,באַרג כן -הוי נעם -פו

,טע -רוי מן -פלאַ לן -ווע קן - באַ !הייט קער-פלינ

טלט-שלי ניט ווער !קייט און קינד ,כן -לאַ כיק-היל

!גייט און שטייט ער ווי קע -טאַ ,טה -שוּ א איז

# שנייעלעך

שנייעלעך ווי גרייפּעלעך,
ווי פֿאַרפֿאַלעך צאַרטע,
באַשפּרענקלען צווייגעלעך,
פֿאַרטרוקנטע, פֿאַרדאַרטע.

באַזילבערן בלעטעלעך,
קרייטעכצער און גראָזן;
פֿאַרהילן פֿייגל־נעסטעלעך
פֿאַר׳יתומ׳טע, פֿאַרלאָזן . . .

בלישטשען אַלע הייזעלעך,
געבויגענע פֿון דלות . . .
אויף יעדן דאַך און דעכעלע
אַ ליכטיק ווייסער טלית . . .

שמייכלען ציכטיק דערפֿעלעך,
באַ׳חנ׳ט און שפּאָגל־נייע.
פֿריילעך טומלען קינדערלעך:
אַ יום־טוב, אַ מחיה! . . .

# שנײעלעך

מוזיק פון יהושע ווײסער ווערטער פון אליעזר שינדלער

באַוועגליך, ריטמיש




ווי לעך-פּע-גרײַ ווי לעך-ע-שנײַ



לעך - שפּרענק - בּאַ ,טע-צאַר לאַד-פּאַ-פּאַר



- בּאַ .טע-דאַר - פּאַר טע-קנ-טרו - פּאַר לעך-גע-צווײַ



און צער-טעכ-קרײַ לעך-טע-בּלע ....רן-בע-זיל



- פּאַר לעך-טע-נעס געל-פּײ לן-דהי - פּאַר ,זן - גראָ



לעֶ-אַ טשען-בּליש ,זן - לאָ - פּאַר טע-תומ-יְ



אויף לית - דַ פון נע-גע-בוי - גע לעך-זע-הײַ



סער-ווײַ טיק-ליך א לע-כע-דע און דאַך דן-יע



- בּאַ לעך-פּע-דער טיק - ציכ לען-שמײַכ ....לית - פּר



לען - טומ לעך-פרײַ .ע - נײַ גל - שפּאָ ווי חנט



!יָה - חַ - מְ אַ טוב-יום א :לעך-דער-קינ



# כסלו

איינזאַם איז
די נאַכט און קאַלט.
אַ שניי כסדר
סומנע פאַלט.

פון דער ווייטנס
טריט זיך הערן.
קינדער גייען
מיט לאַמטערן . . .

# שלאָף מיין אוצר

שלאָף, מיין אוצר, שלאָף און רו,
מאַך די אייגלעך דיינע צו,
וואַכן זאָלן ביי מיין קינד:
אָדלער, זונשיין און דער ווינט.

פליט אַוועק דער אָדלער באַלד,
זון באהאַלט זיך טיף אין וואַלד,
ווינט אַנטלויפט פאַרטאָג אין פעלד,
צו זיין מאַמען אין געצעלט.

בייז צום זון די מוטער רעדט:
— „ביסט אַנטלאָפן ווי אַ שד,
האָסט מיט שטערן קריג געפירט,
אַלע כוואַליעס אויפגערירט!"

— „ניט געטשעפּעט, כ'קען דיר שווערן,
„ניט מיט זון זיך, ניט מיט שטערן!
כ'האָב אַ קינדל מלא־חן
„איינגעשלעפערט זיס און ריין.

פון מאַיקאָף

# שלאָף מײַן אוצר

מוזיק פון יהושע ווייסער — ווערטער פון אליעזר שינדלער

לויט א. מאיקאוו, פון רוסיש — מעסיג - ריטמיש


















# קינד און פייגעלע

„קום מיין פויגעלע
צו מיר!
אָפּן שטייט פאַר דיר
מיין טיר.

וועסט דאָ האָבן
טרינקען, עסן
כ׳וועל דיך קיינמאָל
ניט פאַרגעסן.

היטן דיך געטריי
און שוינען,
וועסט אין שטייגעלע
דאָ וואוינען!" —

„כ׳דאַנק דיר פאַר
אַזאַ מין גליק!"
ענפערט ס׳פייגעלע
צוריק...

„איך האָב ליב
דעם בוים, דאָס צווייגל.
כ׳וויל ניט זיין
פאַרשפאַרט אין שטייגל.

גאָלד איז ווערט,
מיין פרייע נעסט,
כ׳על ניט פאַרקויפן
זיך פאַר קעסט!"

# קינדער און פייגעלע

מוזיק פון יהושע ווייסער

ווערטער פון אליעזר שינדלער

שפּילעוודיג, באַוועגליך

*mf* "קום מייַן פיי-גע-לע צו מיר!" .........

"כ'דאנק דיר פאר אַ-זאַ מין גליק!" ...........

אָ-פן שטייט פאַר דיר מיין טיר. ...............

ענ-פערט ס'פיי-גע-לע צו-ריק ...............

ווערסט דאָ הא-בן טרינ-קן ע-סן,

איך האב ליב דעם בוים דאָס צווייַ-גל,

כ'וועל דיך קיינ-מאל ניט פאר-גע-סן

כ'קען ניט זיין קיין קנעכט אין שטיי-גל.

הי-טן דיך גע-טריי און שוי-נען.

אוצ-רות ווערט מיין פריי-ע נעסט כ'וועל

1. ווערסט אין שטיי-גע-לע דאָ וואוי-נען!"

2. ניט פאַר-קוי-פן זיך פאַר קעסט!" ...........

# וואָגל־פייגעלעך

פילע מינים פייגעלעך
ווייט פון אונדז אַוועק;
צו באָדן זיך אין דרום־זון
אין דרומדיקער זעט. —

און ניסן־אייר קומען זיי,
ווי יחוסדיקע געסט —
און פירן זיך אַ לעבן דאָ,
ווי פּאָרעלעך אויף קעסט. —

# דראָגל פייגעלעך

מוזיק פון יהושע ווייסער

ווערטער פון אליעזר שינדלער

מעסיג, שפּילעוודיג

*mf*

-א אונדז פון ווייט לעך -גע-פיי נים ·מי לע-פי

אין זון רום -דָ אין זיד דן -באָ צי וועק

ויר - א סן - ני אין ,זעט קער-די רום · דָ

א זיך רן-פי און געסט קע-די-חוס-י ווי זיי מען-קו

נים-מי לע-פי קעסט אויף לעך-רע-פאָ ווי דאָ בן-לע

צי וועק - א אונדז פון ווייט לעך-גע-פיי

.זעט קער-די רום-דָ אין זון רום-דָ אין זיד דן-באָ

# וויגליד

שלאָף, מיין פייגעלע שלאָף,
חלום פון גליק און פון פרייד,
אין מערב דער הימל שוין רויט,
די זון דאָרט פּאַמעלעך פאַרגייט.

טויזנטער ליכטיקע שטערן,
בויען אַ גאָלדענע בריק.
זיי וואַכן און היטן געטרייע,
ביז קומען די זון וועט צוריק.

# וויג ליד

מוזיק פון יעקב ווײַנגאַרטן הי"ד — ווערטער פון אליעזר שינדלער

פּאַמעלעך, ראָמאַנטיש

פון און גליק פון לום-חָ שלאף לע-גע-פיי מײַן ,שלאף

די .....רויט שוין מְל-הי דער רב-מע אין פרייד

אין מל-הי דער רב-מע אין גײַט-פּאַר לעך-מע-פּאַ דארט זון

.גײַט -פּאַר לעך-מע-פּאַ דארט זון די ....רויט

# לעבעדיק געוואַנדערט

דער זומער איז געקומען,
אין דרויסן איז אַ פּראַכט ;
לעבעדיק געוואַנדערט,
געזונגען און געלאַכט.

פריש און פריי מאַרשירט,
איבער טאָל און באַרג ;
לופט און זון גיט כח,
מאַכט געזונט און שטאַרק.

# לעבעדיק געוואַנדערט

מוזיק פון יעקב ווײַנגאַרטן הי"ד — ווערטער פון אליעזר שינדלער

לעבעדיק

פֿראַכט אַ איז סן-דרוי אין, מען-קו-גע איז מער-זו דער

. . . . . לאַכט-גע און גען-זונ-גע, דערט-וואַנ-גע דיק-בע-לע

.לאַכט-גע און גען-זונ-גע, דערט-וואַנ-גע דיק-בע-לע

# שבט

אין דרויסן אַ פראָסט
אַ קעלט און אַ שטורעם,
פליען דאָרט פייגעלעך
נאַקעט און אָרעם.

דאַרפן דאָס קינדערלעך
תמיד געדענקען —
און קרישעלעך ברויט
צו די פייגעלעך שענקען. —

# שבת

מוזיק פון יהושע ווייסער

ווערטער פון אליעזר שינדלער

פאמעלעך, ערנסט

*mf*

אין דרוי-סן א פראָסט א קעלט און א שטו-רעם...

פלי-ען דארט פיי-גע-לעך נאַ-קעט און אָ-רעם... דאַר-פן דאָס קיִנ-דער-לעֶך

שטענ-דיק גע-דענ-קען, און קרוש-קע-לעך ברויט פאַר די

1. פיי - גע - לעך שענ-קען... - אין

2. *rit.* פיי - גע-לעך שענ-קען...

# חמשה־עשר־בשבט

אַרום איז אַ קעלט,
די ערד איז פאַרפרוירן,
די פענצטער פאַרקאָוועט,
די טירן און טויערן.

טרויריק די ביימער,
נאַקעט די צווייגן.
וועלדער און סעדער,
דרימלען און שווייגן.

נאָר ווייט דאָרט אין מזרח
אין הייליקן ציון
זאַפטיק די ביימעלעך
גרינען און בליען.

און יידישע קינדערלעך
זינגען און טאַנצן:
„לאָמיר היינט ביימעלעך
יינגיטשקע פלאַנצן!“

# חמשה עשר

מוזיק פון יהושע ווייסער

ווערטער פון אליעזר שינדלער

מעסיק, ריטמיש

*mf*

די רן - פרוי - פאַר איז ערד די ,קעלט אַ איז רום - א

.רן - ע - טוי און רן - טי די וועט - קא - פאַר טער - פענס

.גן - צוויי די קעט - נאַ מער - בײַ די ריק - טרוי

נאר ,גן - שוויי און לען - דרימד דער - סע און דער - וועל

יון - צ קן - לי - היי אין רח - מ׳ז אין דאָרט ווייט

און .ען - בלי און נען - גרי לעד - מע - בײַ די טיק - זאַפּ

:צן - טאַנ און גען - זינ לעד - דער - קינ שע - די - יִי

*rit.*

״!צן - פלאַנ קע - גיטש - יינ לעד - מע - בײַ הײנט מיר - לאַ״

# די מלכתא שבת

די זון איז אין מערב פֿאַרגאַנגען,
די מלכה, דער שבת איז דאָ.
טראָגן זיך שירים, געזאַנגען,
פרום אין דער הייליקער שעה.

פון פשוטע שטיבעלעך גלאַנצן,
פלעמעלעך ריינע באַחנטע;
און כיתות מלאַכימלעך טאַנצן
מיט יידישע תפילות באַקריינטע.

זיי טראָגן די קרוינען און שוועבן,
אַרויף צום באַשעפער דעם האַר.
און יידן זיך פרייען מיט שבת,
קיין סימן פון גלות און צער.

# די מלכתא שבת

מוזיק פון יהושע ווייסער — ווערטער פון אליעזר שינדלער

מיט רעליגיעזן געפיל

*mf*

די זון איז אין מע-ריב פאַר — גאַנ-גען , די
מַל-כּה, דער שַ-בת איז דאָ.... טראַ-גן זיך שי-רים גע-
זאַנ-גען פרום אין דער הײַ-לי-קער שָ-עָה. פון
פּ-שוי-טע שטי-בע-לעך גלאַנ-צן פלע-מע-לעך ריי-נע באַ-
חב׳-טע; און כּי-תות -מַל אָ-כימ׳-לעך
זיי. טאַנ-צן, מיט יִ-די שע תּפי-לות באַ-קריינ-טע
אַ- טראַ-גן די קרוי-נען און שווע-בן......
רויף צום באַ-שע-פער דעם האַר. און יִי-דן זיך פריי-ען מיט

*rit. dim*

שַ-בת קיין סי- מן פון גָ-לות און צַ-עַר.

# שבת־שירה

גילדענע גאַרבן צושפרייט דאָס ליכטיקע ראָד פון דער זון,
איבער דעם ווייסן מלכות פון שניי, איבער אייז און פרעסט;
יידישע קינדערלעך שיטן פאַר די פענצטער פערלגרויפּן,
און פייגעלעך קומען צופליען ווי געהויבענע געסט.

אין זילבערנע עטרות גלאַנצן פעלדער און וועלדער,
זמירות קלינגען מלכותדיק, פון יעדער שטוב און דירה;
אין שטעטלעך שוועבט אַרום די בשורה פון ערב־פרילינג,
צוזאַמען מיט דער בענקענדיקער פרייד פון שבת־שירה.

# אונדזער סוכה

אַ סוכה, האָט דער זיידע,
זאָל לעבן, אויפגעשטעלט.
אַ סוכה, אַזאַ שיינע,
איינציק אויף דער וועלט!

איז טאַקע אָן א גוזמא,
אַ פּאַלאַצל דאָרט שטייט,
איז גרויס דער עונג־יום־טוב,
אַ פרייד פאַר קינד און קייט!

ווי אַ וואונדער־חופּה,
די סוכה איז געדעקט.
דער פרישער גרינער סכך,
גן־עדנדיק ער שמעקט!

און ס'שמעקן די אתרוגים,
די עפּל, באַרן, טרויבן,
און ס'פינקלען פון די ווינקלען,
די „אָדלערס" און די „טויבן".

קומט באַטאָג די זון —
צו גאַסט מיט אירע גאַרבן,
איז יעמלט אונדזער סוכה,
אַ היכל פול מיט פאַרבן...

און באַנאַכט ווי גלאַנצן
צנועהדיק די שטערן!
דעם זיידן זמירות זינגען
קומען זיי צו הערן...

# שמחת־תורה

אייגעלעך גלאַנצן
בעקעלעך פלאַמען.
קינדערלעך קומען
אין שול זיך צוזאַמען.

זינגען און לויבן,
און דאַנקען דעם בורא,
ווייל ריין איז און לויטער
דער קוואַל פון דער תורה.

שווערן זיי אייביק
די תורה צו ליבן,
ווייל ריין איז און הייליק
וואָס דאָרט איז געשריבן!

גלאַנצן די אייגעלעך,
לייכטן און גליען.
די שכינה זאָל צווישן
אייך קינדערלעך רוען! —

# שמחת תורה

מוזיק פֿון יהושע ווײַסער

ווערטער פֿון אליעזר שינדלער






























# וויג־ליד

אוצר, שלאָף געשמאַק און זיס.
דער טאָג אַוועק אַ מידער ריז ;
דורכגעשפּאַנט אַ האַלבע וועלט
פון לאַנד־צו־לאַנד, זיין ליכט צוהעלט.

איצטער שטייט די נאַכט שוין גרייט,
פון בלאָען סאַמעט איז איר קלייד,
און איר מאַנטל פול מיט שטערן,
ריינע ווי מלאכים־טרערן.

ווי אַ שומר בשעת־סכנה,
וואַכט אין הייכן די לבנה ;
בענקט דאָרט אויס דעם אַלטן חלום,
פון אַ וועלט מיט פרייד און שלום.

פון אַ מלכות, אַ גן־עדן,
וואו אַ יעדער וועט אין פריידן,
איינגעהילט אין שכינה־שטראַלן
שעפּן פון תפארת־קוואַלן.

# דדיה ליד

מוזיק פון יהושע ווייסער

ווערטער פון אליעזר שינדלער

מעסיג, ריטמיש

*p*

דעֶר .זיס און שמאַק - גע שלאָף צר -או

נָה -כָּ -סְ בעת מֵר -שׂוֹ אַ ווי

אַ שפּאַנט-גע-דורך .רִיז דער -מי אַ וועק -אַ טאָג

דעֶם אויס דאָרט בענקט; נָה - בָ - לְ די כל - הֵי אין וואַכט

העלט-צו ליכט זיין לאַנד צו לאַנד פון וועלט בע - האַל

,לום -שָׁ און פרייד מיט וועלט א פון ,לום - חָ טן - אַל

*mf*

מעֶט-סאַ ען-בלאָ פון,גרייט שוין נאַכט די שטייט טער-איצ

דעֶר-יע אַ וואו ,דֶן - עֶ גַן אַ כות - מַל א פון

,רן -שטע מיט פול טל-מאַנ איר און ,קלייד איר איז

לן-שטרא נה-שׂכִי אין הילט-גע-איינ דֶן - פְּרֵי אין ווערט

1. 2. *rit.*

*p* ריי - נע ווי מַל - - - אָ - כים טרע- רן. *rit.* אֶ - רֶת קוואַ- לן.

- תִּפְ פון פן -שׂע

# קינדער שפּילן

קינדער שפּילן זיך אין זעלנער,
יעדער מיט אַ ביקס און שווערד,
דראַפּען זיך אויף קשאַקעס, פּלויטן,
וואַרפן פלינק זיך אויף דער ערד . . .

קומען זיך צונויף די „שונאים",
הייבט זיך אָן אַ ווילד געשלעג. —
שטילע מיידלעך זוכן בלומען
אין די מעזשעס לעבן וועג...

# קינדער שפּילן

וווּרטער פון אליעזר שינדלער
מוזיק פון יהושע ווייסער

בריייט, שפּילעוודיג

*mf*

קִינ-דער שפּי-לן זִיך אִין זֶעַ-נער

אויף זיך פּען-דרָא, שווערד אין ביקס אַ מיט דער-יע

קשַא-קְעס-קעס פּלוי-טן וואַ-פן פּלינק זיך

אויף דער ערד... קוּ-מען זיך צוּ-ניף די "אִים-שוֹנ"

*p*

לעד-מייד לע-שטי... שלעג-גע ווילד אַ אן זיך הויבט

*rit.*

זוּ-כן בלוּ-מען אין די מע-שעס זלע-בן וועג

# פרילינג

דער הימל איז בלאָ,
וואָלקנדלעך שוועבן ;
פרילינג איז דאָ,
ווי שיין איז דאָס לעבן !

העזעלעך שפרינגען,
פליגעלעך זשומען ;
פייגעלעך זינגען :
מיר זיינען געקומען !

# פרילינג

ווערטער פון אליעזר שינדלער

מוזיק פון יהושע ווייסער

מעסיג, שפּילעווודיג

*mf*

דעֶר הִי - מְל איז בלאָ וואָל-קענ-דלעך שווע-בן;

פרי-לינג איז דא ווי שייַן דאָס איז לע-בן!

הע-זע-לעך גע-שפרינ-גען, פלי-גע-לעך זשו-מען;

פיי-גע-לעך זינ-גען: מיר זיו-נען גע-קו-מען! דער

הִי-מְל איז בלאָ, וואָל-קענ-דלעך-שווע-בן,

*rit.*

פרי-לינג איז דאָ ווי שיין דאָס איז לע-בן.

# אונדזער יידיש

אונדזער יידיש,
אונדזער שפּראַך ,
פאַרמאָגט דאָך
אוצרות גאָר אַ סך.

באַזיצט אַ שלל
פון לידער, קלאַנגען,
חן — אַ קוואַל
און פאָלקס־געזאַנגען.

שפע, נוסח,
טרייסט, באַגערן,
דביקות, בענקשאַפט,
תפילות, טרערן.

האַרץ, נשמה,
חכמה, מוח,
צדקות, צניעות,
זאַפט און כוח.

# אונדזער ייִדיש

ווערטער פון אליעזר שינדלער,
מוזיק פון יהושע ווייסער

פאמעלעך, מיט דבקות

*mf*

-פאַר שפּראַך דזער-אונ דיש-ייִ דזער-אונ

פון שְׁלַל אַ זיצט-בא סַך אַ גאָר רוּת-אוֹצ דאָך מאָגט

געֶן-זאַנ-געֶ פאָלקס און קוואל אַ חֵן; געֶן-קלאַנ דעֶר-לי

שאַפט-בענק, קוּת-דְבֵ, רן-געֶ-בא, טרייסט, סח-נוּ, פע-שֶׁ,

חַ-מוֹ מה-חָכ, מָה-שְׁ-נְ הארץ, רְן-טרעֶ לוֹת-תְּפִ

דיש-ייִ דזער-אונ חַ-כּ און זאפט, עוֹת-צני קוֹת-צְד

*rit.*

סַך אַ גאָר רוּת-אוֹצ דאָך מאגט-פאר שפּראַך דזער-אונ.

# ייִדיש-לשון

ייִדיש-לשון, פּשוט לשון,
פֿון די טאַטע-מאַמעס —
ביסט דאָך מלא-חן חנעוו,
ווי בלימעלעך אין חלומות

ייִדיש לשון, האַרציק לשון,
פֿון מיליאָנען ברידער —
רבֿ לוי-יצחק האָט מיט דיר,
געשאַפֿן פֿרומע לידער.

ס'האָט רבֿ נחמן מעשׂהלעך,
אויך ייִדיש אונדז געגעבן
ייִדיש-לשון, מאַמע-לשון,
פֿרייד פֿון אונדזער לעבן.

פּאַליעפּע שינדלער

[illegible]
תּרפּ״ד

# כֻּלָּם קְדוֹשִׁים

געהייליקט דעם ליכטיקן אָנדענק פון מיינע עלטערן, אברהם יצחק און נחמה שינדלער, אומגעקומען אין טרעזיעשטאָט. מיין שוואָ-גער, יעקב-דוב לערמאַן-פרידער און מיין שוועסטער חיה און זייערע קינדער, אומגעקומען אין וואַרשע. מיין שוואָגער, יחזקאל אלעזר פּסאַל-טער און מיין שוועסטער קיילע חנה און זייערע קינדער, אומגעקומען אין אָשפּיצין. מיין שוואָגער, הרב אלעזר שטיינבערג-ראָטהענגאָו און מיין שוועסטער, הרבנית יהודית און זייערע קינדער אומגעקומען אין אָשפּיצין. מיין ברודערן-שוואָגער, הרב ד״ר יעקב יקותיאל נויבאַוער, ראש ישיבה אין ווירצבורג — בייערן, פון 1933 ראש-ישיבה אין אַמ-סטערדאַם, אומגעקומען אין בערגן-בעלזן.

מיין תנ״ך-לערער, הרב ד״ר ישראל פינקלשערער, מינכען און זיין פרוי, טאָכטער פון פּראָפעסאָר ישראל לעווי ברעסלאַו און זייערעביידע זין, הרב ד״ר הערבערט פינקלשערער מרא דאתרא פון שטעטין, אומגעקומען אין פּיאַסק לעבן לובלין, מיט נאָך אַ סך מינכענער יידן. הרב ד״ר ברונאָ פינקלשערער, מרא דאתרא פון געטינגען, דערנאָך רב אין מינכען, אומגעקומען אין אָשפּיצין.

ד״ר יוסף שעלער און זיין פרוי, אומגעקומען אין אָשפּיצין.

מנחם בן נחום, נתן בירנבוים, זיין פרוי אסתר און זייערע צוויי קינדער רפאל צבי און חנה, אומגעקומען אין אָשפּיצין, אָקטאָבער 1944.

מיין בן-עיר און פריינט, דער פאָלקסדיכטער און קאָמפּאָזיטאָר נחום שטערנהיים, אומגעקומען אין אָשפּיצין.

גרשון (גרישאַ) אַשעראָף, דער קונסטמאָלער און שרייבער, אומגעקומען אין בוכענוואַלד.

מיינע טייערע און נאָענטע פריינט פון דער עולים און בית־יעקב באַוועגונג: הרב הגאון רבי מרדכי ראָטנבערג פון אַנטווערפּן.

יהודה־לייב אָרלעאַן, מאיר וואָווידיסלאַווסקי (וו. לייכטער), ד"ר בן־ציון פעסלער, אלעזר גרשון פרידנזאָן, זיין פרוי און זייער זון שמשון רפאל, אלכסנדר זישע פרידמאַן, אלימלך שטייער, אַלטער שנור, הרב שרגא פייבוש שפּירא, ריש־ישיבה פון ישיבת עץ־חיים היידע, לעבן אַנטווערפּן. מיין ברודער שלום בן אברהם יצחק. מיין חבר פון די חדר־יאָרן, הרב מיכאל לייבוש דאָרליך און זיין גאַנצע משפּחה.

די גרים אברהם בן אברהם באַראָן ערנסט פאָן מאַנשטיין און זיין פרוי שרה־בת־אברהם, אומגעקומען אין ווירצבורג.

חי"ד

# ביאָגראַפישע נאָטיצן וועגן די געשטאַלטן און קדושים וואָס ווערן דערמאָנט אין דעם בוך

* באַראָן ערנסט פאָן מאַנשטיין, אַן אָפּשטאַמלינג פון אַ פּרייסיש־סאַק־סישער אַריסטאָקראַטן־פאַמיליע איז 1890 געקומען קיין ווירצבורג, אין בייערן. דאָרט האָט ער געדינט אין ביינטן בייערישן אינפאַנטעריע־רעגימענט. געוועזן אָפיציר און דיריגענט פון דער רעגימענט־קאַפּעליע.

ער האָט געוואוינט אין דעם פאָרשטעטל היידינגספעלדה, אין הויז פון אַ שטרענגער אָרטאָדאָקסישער יידישער משפחה. ביי דער פאַמיליע האָט דער באַראָן און הויכער אָפיציר, דאָס ערשטע מאָל געזען יידיש לעבן, יידישע מנהגים, יידישע טראַדיציע. ער איז געוואָרן באַגייסטערט פון דער אמתער יידישקייט. ער איז אַוועק קיין אַמסטערדאַם און זיין רבי, דער ווירצבורגער מוהל און תלמיד־חכם ר׳ יונה אנשפּאַכער איז מיט אים מיטגעפאָרן. און אין אַמסטערדאַמער יידישן שפּיטאָל, איז באַראָן פאָן מאַנשטיין געוואָרן אַ ייד, כדת משה וישראל.

צוריק פון אַמסטערדאַם, האָט באַראָן פאָן מאַנשטיין געלערנט תנ״ך און גמרא ביים ווירצבורגער דיין, ר׳ ליפּמאַן דוב גוטמאַן זצ״ל. דער גר צדק, באַראָן פאָן מאַנשטיין איז געוועזן אַ גרויסער מתמיד, אַן אוהב ישראל און אַ שטרענג דיסציפּלינירטער שומר־מצוות.

אויפגעגעבן זיין הויכן מיליטערישן אַמט, איז באַראָן פאָן מאַנשטיין אַוועק קיין שטראַסבורג און דאָרט עטלעכע יאָר שטודירט קונסט און קונסט־געשיכטע.

צוריק קיין היידינגספעלד, איז ער געוואָרן צייכנלערער אין אַ ווירצבור־גער גימנאַזיע.

אין היידינגספעלד האָט ער זיך באַקאַנט מיט אַ דייטשער שריפטשטע־לערין. זי איז אויך געוואָרן אַ יידיש קינד.

זיי האָבן חתונה געהאַט און געפירט אַן אמת יידיש הויז. זיין פרוי האָט געשריבן, אונטער אַ פּסעוודאָנים, אין די בעסטע דייטשע זשורנאַלן פון

יענע יאָרן. מיט דער צייט האָט זי זיך דערוואָרבן גרויס בקיאות אין די כתבים פון ר׳ שמשון רפאל הירש, זצ״ל.

זייער הויז אין ווירצבורגער פאַרשטעטל הײדינגספעלד איז געווען אַ בית־פתוח־לרוחה. זיי האָבן געהאַט אַ וואונדערלעכן פירות־גאָרטן און אַלע פירות אוועקגעשאָנקען צו אָרעמע יידישע משפחות.

באַראָן פאָן מאַנשטיין האָט אין 1930 אונטערן דרוק פון די נאַציס געמוזט אויפגעבן זיין שטעלע אַלס צייכנלערער אין דער גימנאַזיע און געוואָרן צייכן־און־מוזיק־לערער אין יידישן רבנים און לערער סעמינאַר אין ווירצבורג. באַראָן פאָן מאַנשטיין האָט זיך שטאַרק פאַרנומען מיט יידישער קונסט. ווען הרב ד״ר יעקב יקותיאל נייבאוער האָט אין יאָר 1933 געמוזט עוקר זיין קיין אַמסטערדאַם — ער איז דאָרט געוואָרן ראש־ישיבה — איז באַראָן פאָן מאַנשטיין געבליבן דער באַהיטער און באַשיצער פון דער ישיבה. ער איז אויך געווען דער לעצטער ראש הקהל פון דער אַלטער חשובער קהילה קדושה אין ווירצבורג.

די נאַציס האָבן אים אָפט געמאַכט אַ פאָרשלאָג : „היות ער איז אַן „אַריער בן אַריער״ און אַ געוועזענער אָפיציר פון אַן אַלטער פרייסישער אָפיצירן משפחה, זאָל ער נאָר „ערקלערן״, אַז ער זאָגט זיך אָפּ פון יידישקייט און ער וועט האָבן אַלע פּריווילעגיעס פון אַ דייטשן אַריסטאָקראַט. אָבער אברהם בן אברהם, דער ווירצבורגער גר־צדק, האָט זיי געענטפערט, אַז ער וויל ליידן צוזאַמען מיט זיינע יידישע ברידער און איז אומגעקומען על קדושת השם. הי״ד.

(די ידיעות וועגן באַראָן פאָן מאַנשטיין און זיין פרוי, פאַרדאַנק איך סעמינאַר־דירעקטאָר, ר׳ יעקב סטאָל און ד״ר נייבערגער און זיין פרוי, די שוועסטער פון הרב ד״ר נייבאויער, פריער אין ווירצבורג, איצט אין ניו־יאָרק).

* הרב יעקב יקותיאל נויבאַוער הי״ד, האָט געפירט אַ שטענדיקן קאַמף קעגן די דייטשע אַנטיסעמיטישע ביבל־קריטיקער. געשריבן און אַרויסגעגעבן אַ צאָל וויכטיקע ווערק קעגן דער דייטשער שנאת־ישראלדיקער שנאה צום תנ״ך. ד״ר נויבאַוער האָט אויך געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף דעם קריסטלעכן יהדות־פאָרשער און ענגלישן געלערנטן טרעווערס הערפאָרד, דעם מחבר פון וועלט־באַרימטן בוך וועגן די פרושים. הרב נויבאַוער האָט ביז צו דער לעצטער רגע פון זיין הייליקן לעבן געגעבן שיעורים אין גמרא און תנ״ך אין גי־תופת פון בערגן־בעלזן. ער איז געווען דער אמתער טרייסטער פון זיינע געפייניקטע ברידער. דער גרויסער צדיק און בעל מידות הרב יעקב יקותיאל ב״ר צבי נוי־

באוער וועט לנצח פאַרצייכנט ווערן אין דעם ספר פון אונדזערע גבורים און קדושים. הי״ד.

* רבי אלימלך ליזשענסקער און זיין ברודער רב זישע אַנעפּאָלער, זיינען געבוירן אין טיטשין, לעבן ריישא, גאַליציע.

זייער פאָטער ר׳ אליעזר ליפּמאַן (רב ליפּקע) איז געווען אַ ייד אַ גביר און אַ גרויסער בעל־צדקה. אין אַן עת־צרה זענען טיטשינער יידן געגאַנגען מתפלל־זיין אויף רב ליפּקעס קבר.

דער „נועם אלימלך״ איז נפטר געוואָרן כ״א אדר תקמ״ז; רב זישע דער „מנורת זהב״, איז נפטר געוואָרן ב שבט תק״ס.

* רב לוי יצחק באַרדיטשעווער, געבוירן שנת ת״ק אין שטעטל הוסאַקאָוו לעבן פּשעמישל מיטלגאַליציע. בחור׳ווייז געלערנט אין דער שכנישער שטאָט יעריסלאָוו און געשמט אַלס „יעריסלאָווער עלוי״. געוואָרן רב אין באַרדיטשעוו און דאָרט איז ער נפטר געוואָרן כ״ה תשרי, תק״ע.

* רבי משה סופר סת״ם, מקובל, מחבר פון „אור פּני משה״ אויף תנ״ך און „אור הנעלם״ על משניות ואגדות. נפטר געוואָרן י״ב טבת, תקס״ה אין פּשעוואָרסק. זיין רבי איז געווען דער מקובל רב אברהם משה, אָדער „דער גרויסער״, אָדער „דער ערשטער״ ר׳ משה פון פּשעוואָרסק. צווישן די תלמידים פון אור פּני משה האָבן זיך געפונען צדיקים ווי דער חוזה פון לובלין און ר׳ שמעון חסיד פון יעריסליוו. (זע: ספר החסידות פון יצחק ווערפל־רפאל).

* הרב אלעזר שטיינבערג־ראַטהענאַו, מגזע רש״י הקדוש. זיין מוטער איז געווען אַ געשוועסטער־קינד פון וואַלטער ראַטהענאַו, שריפטשטעלער און אויסערן־מיניסטער פון דער דייטשער רעפּובליק, דערהרגעט געוואָרן פון די נאַציס, דעם 24טן יוני 1922.

אין עלטער פון 15 יאָר האָט אלעזר שטיינבערג ראַטהענאַו פאַרלאָזט בערלין, וואו ער איז געבוירן געוואָרן און אַוועק קיין בעלז (גאַליציע). דאָרט האָט ער געלערנט עברי, חומש און רש״י און דערנאָך תלמוד. נאָך יאָרן, איז ער, אַ דאַנק זיין אויסטערלישער התמדה געוואָרן אַ תלמיד פון טאַרנאָפּאָלער גאון און בעלזער מקורב, ר׳ מאַניש באַבאַד, דער „חבצלת השרון״, און באַקו־מען סמיכה פון הרב באַבאַד און פון הרב טווערסקי הי״ד פון ראַווע־רוסקע, דער לעצטער איז געווען אַן איידים פון בעלזער צדיק ר׳ יששכר דוב רוקח זצ״ל.

הרב אלעזר שטיינבערג־ראָטהענאָו, וואָס איז אויפגעוואַקסן אין דער שטאַרק אסימילירטער סביבה פון פרייסישע־יידן־באַנקירן — איז געוואָרן אַ גרויסער תלמיד־חכם, גערעדט אַ קערנדיקן בעלזער יידיש און געגאַנגען אין דער גאַליציש־חסידישער הלבשה.

אין יאָר תר״צ, האָט ער חתונה געהאַט מיט מיין יונגסטער שוועסטער יהודית.

הרב אלעזר שטיינבערג־ראָטהענאָו, דער אצילותדיקער חסיד, למדן און בעל־מידות איז נאָך בחייו געוואָרן אַ לעגענדע אין דער חסידישער וועלט. ער, זיין פרוי און זייערע קליינע קינדער און זיינע כתבים — זענען נשרף געוואָרן על קידוש־השם אין די גאַזקאַמערן פון אָשפיצין, הי״ד. ע״ה.

(וועגן דער משפחה באָבאָד און וועגן טאַרנאָפּאָלער רב ר׳ מאָניש באָבאָד, זע דאָס ספר „חורבן אייראָפּע״ פון הרב ד״ר יצחק לעווין (זייט 148).)

* שנור אלתר, יונגער דיכטער און שרייבער, פון בייטש, לעבן גאָרליץ, גאַליציע.

געשריבן אין די בית־יעקב־אויסגאַבעס. געווען אַ חבר פון „עולים״ (שיטת דר״ת). מיטגעאַרבעט אין ד״ר בירנבוים׳ס „רוף״. לפי די ידיעות פון דער בית־יעקב־לערערקע, הרבנית רבקה האָראָוויץ־פינקוסעוויטש — איז אלתר שנור אומגעקומען אין לאָדזשער געטאָ, וואו ער האָט ביז דעם לעצטן טאָג געלערנט מיט יידישע קינדער. הי״ד.

* בירנבוים מנחם, גראַפיקער, זון פון ד״ר נתן בירנבוים, אומגעקומען אין אָשפיצין, מיט זיין פרוי אסתר, זייער זון רפאל צבי און זייער טאָכטער חנה. (לויט דער ידיעה פון ד״ר שלמה אשר בירנבוים נ״י).

* פינקלשערער, הרב ד״ר ישראל, געבוירן אין בראָד גאַליציע, שטודירט אין ברעסלע, געווען 40 יאָר רב אין מינכען, תלמיד פון פּראָפעסאָר גרעץ.

מחבר פון אַ ווערק אין דייטש: משה מימוני׳ס שטעלונג צום אָבער־גלאָובען אונד צור מיסטיק. (לפי דער ידיעה פון הרב הכולל ד״ר לעאָ בערוואַלד שליט״א פון מינכען, איצט קאָנגרעגעישן „בית הילל״, וואשינגטאָן־הייטס, ניו־יאָרק).

(ביאָגראַפישע נאָטיצן וועגן הרב הגאון ראַטנבערג, א. ג. פרידנזאָן, א. ז. פרידמאַן און יהודה לייב אָרלעאַן (זע ד״ר הלל זיידמאַן „טאָגבוך פון וואַרשע־ווער געטאָ״).

* ד״ר בן־ציון פעסלער, דיכטער, אַדוואָקאַט אין קאַלעמיי.

נאָענטער חבר פון נתן בירנבוים, געשריבן אין די עולים־אויסגאַבעס, „עולים־בלעטער״ און „פנו דרך״. (זע: יובילעאום־בוך צום זעכציקסטן געבורטס־טאָג פון ד״ר נתן בירנבוים פאַרלאַג ישורון, וואַרשע, 1925).

דאָס יובל־בוך איז רעדאַגירט געוואָרן פון י. ל. אָרלעאַן און נתן הסופר, פסעוודאָנים פון נתן נטע בערלינער, מיטאַרבעטער פון בית־יעקב־זשורנאַל, חבר פון דעם עולים ציבור אין לאָדזש, אַרויסגעבער פון אָרטאָדאָקסישע טעקסט־ביכער, אומגעקומען אין לאָדזש. זע: י. ל. גירשט (גערשט) „מן המצר״, זכרונות מימות גיטו לודז׳ (ירושלים תש״ט).

* שענירער שרה, געב. 1883 אין קראָקע, געשט. 1935 אין קראָקע, באַגרינדערין פון דער בית־יעקב באַוועגונג.

* שעלער, ד״ר יוסף, געבוירן אין פיורדא, בייערן, געוועזן אייבער־אַמטריכטער אין מינכען. לעצטער ראש־הקהל פון דער מינכענער קהילה. געהאַט אַ מעגלעכקייט זיך צו ראַטעווען, ער איז אָבער מיט זיין אייגענעם רצון מיטגעגאַנגען, מיט די לעצטע מינכענער יידן קיין אַשפּיצין.

הי״ד

טייערער פריינט, אליעזר שינדלער

עס פרייט מיך באמת וואָס איר פאַרעפנטלעכט די קאָמפּאָזיציעס פון יעקב ווײַנגאַרטן הי״ד, צו אייערע לידער. מען דאַרף בכל אופנים מזכיר זיין קינסטלער פון דעם שניט.

איר ווילט דאָך אַביסל ביאָגראַפישע פּרטים וועגן ווייַנגאַרטענען?

ובכן:

געבוירן איז ער אין יאָר 1910 אָדער 1911 (לויט דער אָריענטאַציע פון אַ חבר). זיינע עלטערן זענען געווען נגידים — אייגנטימער פון דער קראָ־קעווער שאָקאָלאַד־פאַבריק „נאַדזשעאַ״ — אין די לעצטע יאָרן זענען זיי שוין געוואָרן יורדים. מען האָט אָבער תמיד אויפגעהאַלטן דעם סטיל פון תורה וגדולה. געדאַוונט האָבן זיי ביים באַקאַנטן אין קראָקע בעל מקובל און גדול ר׳ שם קלינגבערג (אומגעקומען אין פּלאשאווער לאַגער). כ׳באַמערק דאָס דערפאַר, ווייל לדעתי האָט די אַטמאָספער פון דעם בית המדרש גאָר שטאַרק באַיינפלוסט און באַווירקט יעקב ווייַנגאַרטן; ער איז געווען שטאַרק אַדורכגענומען מיט דעם קאָמאַרנער נוסח וואָס האָט דאָמינירט. שוין אפילו שפּעטער ווען מיט אים האָבן זיך פאַראינטערעסירט די באַרימטע פּוילישע מוזיקאָלאָגן יאַכימעצקי און רייס און אים אויך באַזאָרגט אַ סטיפּענדיע — האָט ווייַנגאַרטן ווייטער אויפגעכאַפּט מיט ליבשאַפט כל־ערליי עלעמענטן פון דער קאָמאַרנער נגינה. בכלל איז ער געווען אַ גרויסער קענער פון דער חסידישער נגינה. דאָס האָט אים אָבער נישט געשטערט צו שאַפן „וועלטלעכע״ באַרקאַראָלעס און וואַלצן. וועגן די לעצטע האָט אים אַמאָל פּראָפ. רייס געשריבן, אַז זיי זענען פּערל פון דעם ווינער שטראַוס־סטיל.

ער איז געווען אַ ראָמאַנטיקער. מעיד דערויף זענען זיינע קאָמפּאָזיציעס צו די לידער פון משה לייב האַלפּערן, אשר שוואַרצמאַן און אַנדערע.

אגב: די ערשטע קאָמפּאָזיציע זיינע איז געווען די מעלאָדיע צו אייער ליד „חצות״.

אין די יאָרן פון אומקום האָט ער זייער אַ סך געשאַפן. כ׳גרייט טאַקע איצט צו זיינע געטאָ־קאָמפּאָזיציעס מיט אַן אַריינפיר וועגן זיין לעבן און

שאָפן. אין יענע טעג האָט ער אויך צוזאַמענגעאַרבעט מיט צוויי יינגע קראָ־קעווער ליטעראַטן הערשל גוטמאַן און ישראל שרייבטאָפּל, — וואָס האָבן אין די צייטן פון בעלזשעץ אַנגעשריבן אַ דראַמע א. נ. „שבתי צבי״. אַלע דריי זענען אומגעקומען און אויך דער מאַנוסקריפּט איז פאַרטיליקט געוואָרן. גע־בליבן איז נאָר אין מיין זכרון די מיסטיש־מוזיקאַלישע אובערטור פון יעקב ווייִנגאַרטן.

יעקב ווייִנגאַרטן האָט אויך פון צייט צו צייט געשריבן. כ׳דערמאָן מיך זיינס אַן אָפּגעדריקטן עסיי וועגן ראַוועל. ספּעציעל איז מיר געבליבן אין זכרון דער יידישלעכער סטיל מיט וועלכן ער האָט מפרש געווען די מוזיקאַלישע פּערזענלעכקייט פון מאָריס ראַוועל.

וואָס זאָל איך אייך נאָך צוגעבן?

יאָ, סוף 1942 איז פאַרגעקומען אַן „אויסזידלונג״ אין קאָשיצע (מיעכאָ־ווער קרייז) אין אַזאַ טאָג האָט מען דאָרט דערשאָסן יעקב ווייִנגאַרטן, זיין יינגע פרוי טויבע און זייער דרייִיאָריק טעכטערל לאהלע.

זייט מיר געזונט און שטאַרק,

אייער

יוסף וואָלף

פּאַריז, 31טן יאַנואַר, 1950

## שריפטן פון אליעזר שינדלער

דערנער (שירים), בערלין, 1912

פון סטעפּ און ישוב, בערלין, 1923

אַ קוואַל זינגט, לייפּציק, 1923

שירים און איבערזעצונגען, לייפּציק, 1925

לידער, ווילנע, 1929

פרעמדע מעשהלעך, ווילנע, 1930

וואָס פעלקער דערציילן, ווילנע, 1930

די יידישע נשמה, לייענבוך
מיט אַ הקדמה פון ד״ר נתן בירנבוים, לאָדזש, 1931

יידיש לשון (לייענבוך, דריי בענד
צוזאַמען מיט נ. בערלינער (נתן הסופר), לאָדזש, 1932

קינדער־מלכות, לאָדזש, 1932

צייטיקע פּירות, לאָדזש, 1932

אַ רעגנבויגן, לאָדזש, 1932

צווישן נילוס און ירדן, לאָדזש, 1932

עולים בלעטער (צוויי העפטן), אַרויסגעגעבן
צוזאַמען מיט ד״ר שלמה אשר בירנבוים, לאָדזש, 1932

פנו דרך, עולים־בלעטער, לעמבערג, 1932,
צוזאַמען מיט ד״ר שלמה בירנבוים, לאָנדאָן.

ווען שטערנדלעך שיינען, לאָדזש, 1932

די גרעפין פון קאָזל, לאָדזש, 1932

וואָס די וועלט דערציילט, ווילנע, 1932

וואָס אין וואַלד איז געשען, ווילנע, 1936

פינף לידער מיט נאָטן (מוזיק פון י. וויינגאַרטן, הי״ד), ווילנע, 1936

יידישע לעגענדעס, ווילנע, 1937

אויף זוניקע פּלויבען, ווילנע, 1937

דער מזרח שמייכלט, ווילנע, 1937

צווישן טאָג און נאַכט, ווילנע, 1937

קליינע אַנטאַלאָגיע פון דער יידישער ליריק אין גאַליציע (צוזאַמען מיט מענדל נייגרעשל), ווין, 1935

געצעלטן, לאָדזש, 1937

צווישן חדקל און גאַנגעס, ווילנע, 1937

מעשהלעך פון ארבע פּינות העולם, ווילנע, 1937

מילגרוים, ווילנע, 1937

פון דער אייביקער שפּע, ווילנע, 1938

יידיש און חסידיש, לידער מוזיק פון יהושע ס. ווייסער, ניו־יאָרק, 1950

גרייט צום דרוק:

מעשיות און משלים פון ארבע פּינות העולם אין העברעאישער איבערזעצונג פון שלמה דמשק.

# עמע פּאַליער זצ״ל

אין דער צייט, ווען דאָס בוך איז שוין געווען כמעט פאַרטיק צום דרוק, איז פון ליאָן, פראַנקרייך, אָנגעקומען די טרויעריקע בשורה, אַז דער טיף־רעליגיעזער דענקער, דער התלהבותדיקער מאמין אין אחדות־הבורא, דער אײדעלער אוהב השם, אוהב־ישראל, אוהב־תורה און אוהב־ציון, דער גר־תושב

## עמע חובב פּאַליער זצ״ל
## איז נסתלק געוואָרן.

זיין לעבן און שאַפן איז געווען אַ קידוש השם ברבים.

מיט אמת׳ער מסירת־נפש האָט ער געאַרבעט פאַר יידן און יידישקייט.

ברצון הטוב איז ער אַוועק פון דער רייכער מאַכטיקער קאַטוילישער קירך און געקומען אין דער בחינה פון אַ וזה בא בעצמו צו אונדזער אָרעם, גע־רודפט און געפּייניקט פאָלק און געשעפּט פון ישראלס אייביקע ריינע לויטערע קוואַלן און מיט יראת־הכבוד און גרויס ליבשאַפט געגומען פאַרשפּרייטן דאָס ליכט פון סנה און סיני צווישן אונדזערע רחוקים און צווישן די אומות.

דאַרפן יידן האַלטן הייליק און טייער פּאַליערס ליכטיקן נאָמען.

זיין בוך, דער „פאַרבאָרגענער היכל״, וואָס איז אַרויס מיט עטלעכע יאָר קאַריק אויף לשון הקודש — זיין „המקדש הנעלם״ מוז איבערגעזעצט ווערן אויף יידיש און אויף אַלע קולטור־לשונות.

קאַפּיטלען פון זיין המקדש הנעלם מוזן אַריין אין אַלע יידישע טעקסט־ביכער, זיין קאַפּיטל „נעילה״ מוז אַריין אין די מחזורים פון יום־כפור — אין אַלע שטעט און ישובים אין ישראל דאַרפן גאַסן אָנגערופן ווערן אויף פּאַליערס נאָמען, יידישע קלובן, סענטערס און אָרגאַניזאַציעס אויף גאַר דער וועלט, דאַרפן טראָגן פּאַליערס נאָמען און דער עיקר, סע מוז געשאַפן ווערן אַן אַלוועלטלעכע עמע־פּאַליער־געזעלשאַפט מיט דעם צוועק צו פאַרשפּרייטן די ווערק פון עמע פּאַליער. אַ חוץ זיין „המקדש הנעלם״, האָט פּאַליער געשריבן צענדליקער עסייס פול מיט אמונה און קדושה — צו פאַרשפּרייטן די ווערק פון זיין גרויסן רבין אליהו בן־המוזג, דעם מקובל פון ליוואָרנע און די ווערק פון זיין גרויסן פריינט, ד״ר נתן בירנבוים, מחמת עמע פּאַליער איז געשטאַנען

